№ 50.

צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פאָלקס־צייטונג

9 Dezember 1903.

## חֲנֻכָּה־נומער

כ׳ כסלו תרס״ד.

אינהאלט: נאך דער שלאכט (שיר); דוד קאסעל. — ס׳א ווייטער חילוק; יהודה שטיינבערג. — חנכה; דער וואָרטאציער. — ווען בין איך א גרויסער געוואָרען; אברהם רייזען. — יודישער נצחון; ש. טשערנאוויטש. — פּאָליטישע נייעס. — נייעס פון דער וואך: I וועלט נייעס; II יודישע נייעס. — בריף פון ענגלאנד; י. מ. זאלקינד. — אונזער וועלטל; בעל עצה. — ווי אזוי לערנען זיך מענשען רעדען; י. וויינבערג.

יודישע פרויען־וועלט: I אלגעמיינע נייעס; II יודישע נייעס. — די יודישע פרויען אין די מזרח־לענדער; ל. ריזשין. — מודעות.

פעליעטאָן: לאטקעס של חנכה; שלום־עליכם.

יודישע
# פאלקס-ציטונג.
א וואכען-בלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.

אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פיערטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

9 Dezember 1903. Nr. 50. כ' כסלו תרס"ד.

## נאך דער שלאכט.

. . . אויבען א פינסטערער הימעל, א שטומער;
צעבראכענע שווערדען און טרופעס אויף דר'ערד . . .
— יהודא, וואו ביזט דו? יהודא! — טויט שטיל איז,
די נאכט האט אזוי ווי דעם אבקלאנג פארוועהרט . . .

— יהודא, וואו ביזט דו? אין שרעק און יסורים
ווייסען מיר קיינער, וואוהין איצט צו געהן,
צעריינגט האט יהודא פיעל הונדערטער רייהען,
דערנאך איז ער אויך דארט געפאלען אליין . . .

עס רופען איהם זיינע סאלדאטען די לעצטע
אין וועהטאג און אנגסטען, אין זארגען און נויט;
עס רופען און רופען — עס שווייגען די פעלדער,
דאס פעלד אויך, אויף וועלכען יהודא ליגט טויט . . .

עס האט נאך געבליצט אין זיין האנט אין זיין קאלטער
די שווערד, ווען מען האט איהם געפונען דערנאך — — —
עס איז שוין פארפאלען געוועזען — ענטקעגען
האט בייז זיך געטראגען דער היידנישער יאך . . .

דוד קאסעל.

---

## ס'א ווייטער חילוק.

ערב-חנוכה איז „ר' גרונם דער אלטער“ א גאנצען טאג פארנומען. פון זייט ער איז קיין אדעס אראב געקומען, איז ער שמש אין איין אלטער קלויז, וואס אין איינעם פון די זייטיגע געסלעך. געווג מענשען זענען אויסגעשטארבען פאר איהם; געוג נייע זענען צוגעקומען; נאר ער איינער האלט זיך נאך ביי די כחות און געפינט זיך אין זיין קלויז, ווי איין איין-און-איינציגער אלטער בוים אין איין אויסגעהאקטען און אויפ'ס ניי אונטערגעוואקסענעם וואלד.

געווג האט זיך דאס לעבען געביטען: די קלויז, די מתפללים, דאס געסל, וואו ער וואהנט, די גאנצע שטאדט אדעס — נאר ער איינער מיט דער אלטעטשקער האלטען זיך נאך „אויף די פיס“, גלייך ערשט געכטען זענען זיי פון סלאנים א הער געקומען. זיין וואהנען אין אדעס די אלע יאהרען זענען געוועזען נאר אויף דערוויל. ער גלויבט נאך א ציינד אויך, אז גאט ברוך-הוא וועט איהם בענשען מיט א גוט יאהר, און דערצו וועט ער איהם בעשערען עמיצען פון זיינע מקומות. איין עהרליכען יודען, צו לאזען אויף זיין ארט — וועט ער זיך נאך איבערציהען צוריק קיין סלאנים. וואס איז? דער שווערער בעל-הבית וואס ער איז דא? משטיינס געזאגט, קיין קינד קיין רינד! איין און איינציגען זוהן פארמאגט ער, וואהנט ער אויך אין סלאנים.

נאר איבערלאזען „זיי“ אהן א לייטישען יודען א שמש קאן ער ניט.

חאטש ער ווייסט, „זיי“ וועלען אויף איהם ניט קלאגען, און וועלען זיך ביי איהם פאר די פערד ניט לעגען, אז ער וועט אוועק פאהרען; נאר אויף „זיי“ איז עפים צו שטעלען?!

ער פיהלט אויף זיך איין אחריות. אט א שטייגער טאקי היינט, ערב-חנוכה: ער זאל ניט שטעהן א גאנצען טאג קלויבען לעכטלעך פון יום-כפור-וואקס און זאל זיי היינט ניט א היים טראגען זיינע בעלי-בתים, וואלטען זיי אפילו ניט געוואוסט, אויב ס'איז היינט חנוכה.

ער ווייסט, אז ס'איז געמאלט אפשר, אז פיעל פון זיי רוקען ערגעץ ארונטער די לעכטלעך אונטער'ן שפיעגעל, אדער וואו, און שטעלען איהם נאך א פייג.

נאר דאס קאן ער שוין ניט בעווארענען; ער דארף אבטראגען. גוט אי: וועמען ער דערמאנט; פאר'ן איבעריגען לאז זיך גאט זארגען.

און אויף דער נאכט נאך די חנוכה-לעכטלעך נעמט ער א פור דעם אלטען הולצערנעם לאנטערן, וועלכער דיענט איהם ניט מעהר ווי איינמאל אין יאהר, פארדרעכט אין איהם די צעבראכענע שייבלעך, שמעלצט א היין אריין א שטיקל חלב'ן לעכט, דאס האט ער איז זינגען

פריהער מיט חדשים, וואו ערגעץ אבצושפארען; ווייל צו סטערין־ליכט האט ער ניט קיין סימפאטיע פון תמיד אן, און אזוי לאזט ער מיט זיין שטעקען זיך געהן צווישען זיינע בעלי־בתים צונויפקלויבען חנוכה־געלד.

אזוי פלעגט זיך גרונם נהג זיין אין דער יוגענד; אזוי איז זיך ר' גרונם נהג אויף דער עלטער.

אין דער יוגענד, ווען ער האט נאך פארחאפט גרויסע בלאטעס אין זיין גאס, האט גרונם קיין קאלאשען ניט געטראגען, ווייל יענע בעלי־בתים זענען ניט געווען אזוינע גרויסע מקפידים, טאמער האט א יוד נאך צוגעבראכט א ביסל בלאטע אין שטוב אריין. וואלט נאר די נשמה זיין ריין, ווייטער — נארישקייט! אז נישט איז משמע דא סמנים אויפ'ן אונריינקייט, וועלכעס איז מיינס, וועלכעס איז פרעמדס?

אויף דער עלטער האט ר' גרונם אוודאי ניט געפונען פאר נייטיג איין איבעריגע משא פון קאלאשען אויף די פיס אנצוטאפען; זיי טראגען אזוי אויך גוים אויס דעם גוף.

ר' גרונמ'ס גוף איז אפילו ניט אזוי שווער: איהר זאלט איהם למשל צענעמען אויף שטיקלעך, און זאלט וועלען אויספולען מיט די ביינער, וואס שטעקען ארויס פונ'ם לייב, די לעבער און גרובער, וואס אויף איהם — וואלט פון איהם גארניט געבליבען. אויף יענעם עולם ווייס איך ניט, אויב מען וועט מיט זיין גוף קאנען אויסטארע־ווען אפילו די וואנג־שאלען — נאר דאך, א גוף איז דאך עס! א „גוף" איז ניט קיין „מחשבה".

מחשבות, אט זעהט איהר, קאן ר' גרונם אויסטראגען א סך.

און מחשבות טראגט ער, שפארט אן מיט זיי צום מאל אונ־טערן כסא הכבוד, טענות און קשיות האט ער א קעגען הימעל.

„וואס איז געווארען פון אדעם פאר זיינע אויגען!"

„וואו זענען יענע יודען, וואו זענען יענע יונגע לייט?"

עט! ער וויל די מחשבות פאר'ן מויל ניט ברענגען: ער וויל ניט מלמד חוב זיין אויף יודען.

און ער געהט מיט'ן לאנטער'ן נאך חנוכה־געלד.

און עס געהט איהם ניט אן, וואס די גאסען זענען בעלייכט מיט עלעקטרישע ליכט: אויף זיין דעה וואלטען זיי אלע געמענט אין איין מינוט אויסגעלאשען ווערען! ווען ער איז אהער אראב גע־קומען, זענען זיי נאך ניט געווען.

ער האפט, אז זיין לאנטערן וועט זיי אלע איבערלעבען.

מענשען בעגעגענען איהם, טייל שמייכלען, טייל לאכען פשוט אוים איהם און אוים זיין לאנטערן, שרייען איהם נאך, ער זאל מאהנען א שטייער ביי דער עלעקטרישער געזעלשאפט, וואס ער העלפט זיי בעלייכטען די שטאדט. גאר איהם ארט עס ניט: סיי ווי וועט ער פאר'ן שלאף זאגען: „הריני מוחל לכל מי שהכעיס אותי".

מעהר ארט איהם אויף זיינע בעלי־בתים, וועלכע וואס מעהר א יאהר ריקען זיך אלס העכער א שטאק. „מען דארף זיך די פיס אב־געהן, די אטעמעם פארחאפט עס, איידער מען דערשלאגט זיך ארויף צו זיי".

„און וואס העכער זיי ריקען זיך, אלס ווייטער פון גאט־ברוך־הוא זענען זיי!"

ווען ער איז אהער אראב געקומען, זענען זיי נאך גאר אונטע געזעסען. נישטא שוין יענע יודען! ס'גאר ניט די בריאים!

ער דערשלאגט זיך צו זיינע בעלי־בתים. די דיענסטען שטע־לען אויף איהם אוים זייערע פנימ'ער, קוקען ברוגז אויף זיינע ברייטע שטיוועל מיט די פייכטע פאדעשוועס, וואס לאזען נאך זיך סימנים אויף די געווענקסטע פאדלאגעס.

„וואס טראכט זיך עס, פרעגט ער אין זיך פארדרוסיג: וואס קוקט עס רק אויף דער ערד, מעהר ווי צום הימעל?"

# פעליעטאן.

## לאטקעס של חנוכה.

א בעשרייבונג

פון שלום־עליכם.

א געטרייהען חבר און איין אמת'ען גוטען פריינד

„אמת"

שענקט א מתנה לכבוד חנוכה

דער מחבר.

1.

אין דער שטאדט קאפעלישל, וואס אין דער סביבה פון מאזע־פעווקע, ניט ווייט פון יעהופעץ, וואס רעכענט זיך צו פאליעסיע, געהט ארום א טאג פאר חנוכה פון שטוב צו שטוב פאנפאלי דער שמש מיט א לאנגען שטעקען און מיט א לאנטערען און רופט צונויף די „גאנצע שטאדט" צום ערשטען לעכטל אין „הויף" אריין אויף לאטקעס. הייסען הייסט פאנפאלי איינענטליך ישראלי; נאר רופען רופט מען איהם „פאנפאלי" דערפאר, וואס יער פאנפעט מחילה שטארק אונטער דער נאז און זאגט:

— מע האט אייך העגאזט בעטען אין „הויף" אניין צום ענשטען נעכטל אויף נאטקעס של חנוכה!

און נאר אין דער שטאדט קאפעלישל, וואו א מינדסט קינד קען פאנפאלי דעם שמש, קאן מען זיך שטויסען, אז דאס הייסט:

— מע האט אייך געלאזט בעטען אין „הויף" אריין צום ערשטען לעכטל אויף לאטקעס של חנוכה.

דער נאמען „לאטקעס של חנוכה" געהערט טאקי צו פאנפאלען; דאס האט ער אליין טאקי צוגעזעצט די צוויי ווערטער „של חנוכה" וואס ער זאגט זיי פון יאהר צו יאהר מיט'ן זעלבען נגון וואס מע בענשט חנוכה־לעכטלעך און דאס אינאיינעם מיט זיין פאנפעוואטע לשון, אז ער זינגט נאך א ביסל צו, האט דאס טאקי דעם זיבעטען חן. די שטאדט קאפעלישל ווערד דערפון נישט נתפעל, די שטאדט קאפעלישל איז שוין דערצו געוואהנט, ווארום אזוי איז געווען פאראיאהרען אין דער צייט, אזוי איז געווען פאר צוויי יאהרען, פאר דריי יאהרען און אלע יאהרען חנוכה, און אזוי וועט מסתמא זיין אם ירצה השם אויך איבער א יאהר און איבער צוויי יאהר און איבער דריי יאהר און אלע יאהר, כל זמן דער „הויף" וועט זיין א „הויף", די נגידים וועלען זיין נגידים און די שטאדט קאפעלישל וועט בעשטעהן פון קבצנים דלפנים,

די בעל-הבית'טעם בלאָזען זיך אויף איהם, געבען וויפיעל זיי געבען, נאָר ער פאַלט ביי זיך ניט אַראָב. וואָס איז! אַ נדבה מאָהנט ער דען חס ושלום?! ס'איז דאָך חנוכּה-געלד! ער האָט דערויף אַ חזקה! על פּי דין קאָן ער עס אַפילו בירושה לאָזען.

„ס'איז אַ חוב-גלייך מיט אַנדערע חובות! איי זיי בלאָזען זיך? יעדער, וואָס איז שולדיג, בלאָזט זיך, אַז מען קומט איהם מאָהנען דעם חוב."

רייסענדיג זיך אויף די צעהנדליגער טרעפּ, אָט צו איינעם, אָט צום צווייטען קומט איהם אויפ'ן געדאַנק: אפשר וואָלט ער זיי סוף-כּל-סוף צוגעוואָרפען דאָס גאַנצע אַדעס זייערס, וואָס ציהט זיך רק אין דער הייך, און לעדיגט זיך אויס פון אינווייניג, מעשה דור הפלגה! איהם האָט זיך שוין באמת צוגעגעסען דער שטענדיגער רויש — אַ-אי-או, דאָס שווישטשען זייערס — מעשה שנץ, דאָס עזות'נע ליכטיגקייט, מיט'ן פּרצות, מיט אַלעמען! ער וואָלט זיך צוריק ציהען אין זיינע מקומות, וואו אין די קלייזלעך איז אַזוי וואַרעם, אַזוי היימליך! עס רוישט דאָרט בנעימות'דיג פון „אָמר אַביי"; עס איז ליכטיג, אַזוי געשמאַק פון חלב'נע ליכט, און מענשען, אחינו בני ישראל, זענען ניט אַזוי פאַרריסען איינער פונ'ם אַנדערען.

איהם זאָגט מען אַפילו, אַז דאָרט איז אויך שוין ניט דאָס, וואָס ס'איז געווען; אַז ווען ער זעהט זיין שטאָדט, וואָלט ער זי שוין ניט דערקענט. נאָר ער גלויבט עס ניט. זיין סלאָנים וואָלט ער ניט דערקענט!? אָט פאַרמאַכט ער די אויגען — זעהט ער עס אינגאַנצען מיט די קלויזען, מיט די סלאָוויטער ש"ס, מיט דער חברה משניות, מיט אַלעמען.

און ער טראַכט זיך איין אין דער זאַך; נאָר ער קומט דערצו, אַז ער טאָר זיי ניט איבערלאָזען; אַז ער וועט אַוועקפאָהרען, וועלען זיי אַפילו ניט וויסען, ווער ווען ס'האָט יאָהר-צייט.

ס'איז צום גלויבען, זיי זאָלען פאַרגעסען, ווען וואָס פאַר אַ יום-טוב עס געפאַלט!

ווער אתרוג? וועמען פעהלט חנוכּה-לעכטלעך? ווער מיר בדיקת חמץ? הושענות? אַ מערכה מען ברענגט זיי אַ היים, מע וואַרפט זיי אָן, מוזען זיי שוין ווי עס איז.

ניין, ער טאָר ניט אַוועקפאָהרען! וויפיעל ער וועט לעבען, דאַרף ער אויף „זיי" אַכטונג געבען און צונויפקלויבען חנוכּה-געלד ביי די ברונז'ע בעל-הבית'טעם. לאַחר פּטירתו איז עס צוריק דעם רבונו-של-עולם'ס אַדעס, זאָל ער טון דערמיט וואָס ער וויל.

און אַז ער קומט אַ היים, ציהט ער זיך אַריין אין זיינע פיער ווינקעלעך געדונגענע ערגעץ אויף אַ וויפיעלטען שטאָק, העכער צוואַנציג איילען אָדער אין אַ קעלער נידריגער פון צעהן טפחים. מלא בשמחה ווערד ער. אַז ער געפינט נאָך אַביסל טשאַד פון די אויסגעברענטע חנוכּה-לעכטלעך. ער פאַרמאַכט זיך מיט דער אַלטעטשקער און ווייסט, אַז היינט איז חנוכּה אין סלאָנים. ער איז מבטל אין הארץ די אַלע טרעפּ, וואָס מע דאַרף צו איהם אַרויף אָדער אַראָב געהן: יהי רצון כּאילו ער זיצט אין אַ פּראָסט נידריג שטובל, „ממעמקים קראתיך", ערגעץ וואו אין אַ שטעדטל פון דער ליטאַ, וואו עס ברענען ניט אין דרויסען אַזוינע עזות'נע עלעקטריטשקעס, און וואו מ'האָט נאָך אַ נויט אין דער שיין פון לבנה מיט שטערען. די אַלטעטשקע קאָכט איהם אַ צוגאָב צום נאַכטמאָל — אַ קרופּניק פון בולבעס מיט גראַפּען — ממש מעשה סלאָנים. אויף דער נאַכט האָבען זיי זיך אינגאַנצען אַרויסגעצויגען פון „אַדעס".

און ער ווענדעט זיך צו איהר מיט אַ שמועס:

„מאַסיע, געדענקסט דעם אַלטען ר' בינום אין „דער היים"? שוין נפטר געוואָרען".

— נפטר געוואָרען?! חאַפּט זיך מאַסיע אָן: ברוך דין אמת! נפטר געוואָרען איז ר' בינום שוין לאַנג. אין סלאָנים האָט מען

עניים ואביונים, דלתים און כּתריאַליקעס וכדומה נאָך אַזעלכע מינים אָרימע לייט, וואָס האָבען דאָרט יתרו'ס נעמען און וואָס דרעהען זיך כּמעט אַלע אַרום „הויף" און וואָס ציהען כּמעט אַלע פונ'ם „הויף" זייער פּרנסה משטיינסגעזאָגט... סיידען טאָמער חלילה דרעהט זיך איבער דאָס רעדל און די נגידים ווערען אויס נגידים און די קבצנים וועלען ווערען אויס קבצנים. נאָר דאָס איז אַזאַך וואָס סע קאָן ניט זיין: מסתמא וועט זיך דאָס רעדל מיט גאָט'ס הילף אַזוי גיך ניט איבערדרעהען; די נגידים וועלען אם ירצה השם בלייבען נגידים און די קבצנים וועלען בלייבען קבצנים, ועולם כּמנהגו. אַזוי איז דער מנהג פון דער וועלט, אַז געלד געהט צו געלד, און צום שלים-מזל—שלים שלים-מזל.

צו די דאָזינע „לאַטקעס של חנוכּה" גרייטען זיך אַלע: אי דער „הויף" אי „די שטאָדט", דאָס הייסט אַלע באַיאַנער חסידים. דער „הויף" קוילעט גענז, פּרעגעלט שמאַלץ, קויפט מעהל און הייוען און רעשטשינעט לאַטקעס, און „די שטאָדט", דאָס הייסט די באַיאַנער חסידים רעכטען זיך שוין לאַנג אויף דער סעודה, וואָס סע גרייט זיך אין הויף. קיינער טאָר ניט פערעבענדיווען אין דערהיים מיט'ן עסען, נעפּינען אַ חסרון אויפ'ן וואַרמעס, פרעגען צי ס'איז דאָ וועטשערע:

— מאָרגען אם ירצה השם אין „הויף" וועט מען דיר פאַרבעסערען.

אַזוי זאָגען די ווייבער צו זייערע מאַנען און זענען זיי מקנא, וואָס זיי זענען מאַנסבלין, זענען גרייט זיך בייטען מיט זיי, נישט נאָר אויף חנוכּה, אַפילו אויף נאָך חנוכּה און אויף נאָך פּורים און אַפילו אויף שטענדיג.

מעהר פון אַלע איז ערב חנוכּה פאַרטאַרעראַמט געוויינטליך די נגידית הצנועה מרת ראַצל שתחי'. איינגענטליך איז הצנועה מרת ראַצל שתחי' אַלע מאָל פאַרטאַרעראַמט אין קיך און אין קאַמער און אין די ספּיזשאַרנים, האָט פיינט זיצען צונויפגעלייגט די הענט און קאָן ניט ליידען, אַז יענער געהט אַרום אָהן איין אַרבייט. די אַלע וואָס דרעהען זיך אַרום „הויף" ווייסען שוין פריהער, אַז ווען מע זאָל ניט אַריינקומען צו איהר אין שטוב אַריין וועט זי געפינען פון איטליכענס וועגען עפּיס איין אַרבייט; פאָלגען אַ גאַנג אין מאַרק אַריין, אַ שפּרונג טהון אויף איין פוס אין דער אַפּטייק, העלפען איבערהענגען דעם זייגער פון איין וואַנט אויף דער אַנדערער, צורעכט מאַכען דאָס פיסל פונ'ם טיש, פאַרקלעפּען די פענסטער אויפ'ן ווינטער, מאַכען אַ קריזשיק צו דער דייזשע אינערקעס—קאַרג זאָכען געפינען זיך אין בעל-הביתיש-קייט? האָט קיין יסורים ניט, הצנועה מרת ראַצל שתחי', פאַרשטעהט וועמען וואָס פאַר איין אַרבייט עס פּאַסט; זי וועט ניט פאַרלאַנגען למשל פון אַלטער גאַרגעל, ער זאָל אַרויפקלעטערען אויפ'ן בוידעם אַכטונג געבען צי דער פּיטשניק האָט גוט פאַרשמירט די לעזשנים, אָדער פון שואליק טראַסק, ער זאָל זיך מטריח זיין אינטערען אויווען אַ קוק טהון, צי די עופות ליגען זיך צי ניין?... דערפאַר אָבער לאָז אַריינקומען צו איהר אַ בחור'יל טאַקי פון דער משפּחה, ער קאָן זיך

שוין פארגעסען אן איהם. גאר ווי היינט אזוי פאר יאהרען און פאר צוויי יאהר אים חנכה האט ער איהר געבראכט דאס נייעס, און ביי יעדען מאל טוט זי זיך אזא חאפ, גלייך ערשט איצט הערט זי עס.

— ס'אר א לייטישער יוד געווען — ר' בינום! מיהען זאל ער זיך!

עס ווערד א שמועס פון ר' בינומ'ען; פון איהם קומט מען ארויף אויף ר' יעקב'קען און אויף ר' אליקימ'ען. אלע זענען שוין שוכני עפר. פון זיי, המבדיל בין חיים לחיים, קומט מען ארויף אויף די קרובים, און אויפ'ן זוהן מיט דער שנור.

„גרונם, בעט זיך מאסיע, זעהסט ניט אין שטאדט ערגעץ עמיצען פון סלאנים? ס'וואלט שוין צייט געווען א בריפל די קינדער שיקען!"

און מאסיע ווייסט, אז ס'געהט א פאסט גלייך פון „אדעס" ביז סלאנים. פאר פיערצעהן גראשען ארבייטען ארום איהר בריף גרויסע פריצים און קלענערע פריצים מיט ראזנאשטשיקעס מיט געפעק און יאמשטשיקעס — ביז מען דערלאנגט איהר בריף פון אדעס צו איהר זוהן פון סלאנים. אין דער יוגענד, אז זי פלעגט אמאל אונטערהאנדלען מיט טליתים, ציציות און ספרים — פלעגט זי זיך נוצען מיט דער פאסט און ניט געזוכט קיין געלעגענהייט.

פאסט, קאן מען ניט זאגען, איז ניט קיין שלעכטע זאך. גאר פארט איז'ס ניט וואס א געלעגענהייט. דורך א לעבעדיגען יודען, וואס ווען ער וועט אנקומען קיין סלאנים — אבער קומען וועט ער; און אבגעבען וועט ער אליין דעם בריף מיט דער האנט, וואס ער האט איהם גענומען.

ס'א ווייטער חילוק פון געלעגענהייט ביז פאסט! אזוי ווי ס'א חילוק פון עלעקטרישקעס ביז להבדיל א חלב'ן שבת'דיג לעכט.

יהודה שטיינבערג.

---

# חנכה.

(אומעטיגע געדאנקען).

וויפיעל שטיבלעך, פארגעסענע פון גאט און פון לייטען, ווערען פלוצלינג בעלויכטען דורך די קליינע, אויפ'ן ערשטען הוק שלאפע פייערלעך, וויפיעל פארוואָרפענע ווינקעלעך, וועלכע זעהען אפילו ביי טאג קיינמאל נישט קיין ליכטיגען שטראהל, ווערען פלוצלינג בעפוצט דורך די שוואכע אפילו, אבער דאך ליבליכע און ווארעמע שטראהלען פון די בעשיידענע חנכה־ליכטלעך...

און אין וויפיעל הערצער, קראנקע, צעוואונדעטע, אבער דאך טיפע און פול מיט געפיהל, שפארען זיך אריין די דאזיגע ווארעמע שטראהלען און דערוועקען פיעל האפנונגען, וועלכע חאפען זיך פלוצלינג אויף ווי פון א טיפען שלאף, — און דאס בלוט הויבט פלוצלינג אן פליסען געשווינדער, און דאס נישט מעגליכע הויבט זיך אן בעוויזען אלס מעגליכע, און דאס פארעלטערטע, מידיגע דערפיהלט ווידער זיינע קרעפטען און ווערד יונגער און פרישער.

און אין וויפיעל מענשען דערוועקען דיעזע קליינע ליכטעלעך גאנצע ימים פון זכרונות, וועלכע קאנען קיינמאל נישט אלט ווערען, קיינמאל נישט פארגעסען ווערען, און דערוועקען א גאנצען תהום מיט געדאנקען און ווערטער, וועלכע זענען נאך קיינמאל נישט ארויסגערעדט געווארען, און וועלען אפשר אויך קיינמאל נישט ארויסגערעדט ווערען, און וועלען פון קיינעם נישט געהערט ווערען...

דאס האט א גאנץ פאלק, וואס איז צעזייעט אין אלע פארווארפענע ווינקעלעך פון דער וועלט. אנגעצונדען אילומינאציעס צום אנדענקען פון זיינע העלדען, וועלכע האבען זיך איינגעשטעלט פאר איהם אין די שלעכטע צייטען און האבען איהם מציל געווען פונ'ם געפעהרליכען פיינד...

דאס גיסען זיך צונויף אין די פינסטערע, ביטערע נעכט אלע

---

זיין א חתן, פון דעסטוועגען מעג איהם אנשטעהן נישקשה זיך צו זעצען אויף א ווייל, צענעמען די הענט און העלפען דער מומע ראצלין אפוויקלען א פאסמע בייוועלעך. און ווער שמועסט אז סע קומט אריין אזעלכער, וואס קאן אין די קליינע אותיות, איז ער ניט קליין איבער לייענען איהר אלע סיגנאטורקעס, וואס די דאקטוירים האבען איהר אמאל פארשריבען, מיט איינעם ווארט: איטליכער מענטש איז מחויב יענער זאל פון איהם האבען עפים א נוץ.

מעהר פון אלעמען קומען איהר צו נוץ די מלמדים וואס אין „הויף". מיט זיי טוט הצנועה מרת ראצל שתחי' כל עבודת פרך, — פון דער פאמיניצע ארויסניסען ביז די עופות אפטראגען צום שוחט, און אפילו די קאץ פארבינדען אין א זאק און פארטראגען זי העט־ווייט אינטער דער שטאדט, זי זאל מכות קומען צוריק — דאס מעג טון נישט נאר דער דרדקי, אפילו דער גמרא־מלמד.

.2

די אלע אויסגערעכנטע פארשוינען דרעהען זיך ארום אין „הויף" און באדיענען די נגידים אדער מחמת נעטרייאפט אדער מחמת נויט. צווישען זיי איז פארהאן דארטען איינער א פארשוין, וואס שפיעלט אין „הויף" די ראלע פון א ראש וראשון און פון א כל ולך, און דערפאר טאקי רופט מען איהם אין קאפעלישל „נתי כל ולך". וואס אייגענטליך איז די עבודה זיינע אין „הויף"? — דאס לאזט זיך ניט זאגען; ער איז א טהוער, א מאכער, א טענצער, א יועץ, א סארווער, א העט־טער א זאגער — בקיצור א „כל ולך" און גענוג! וויל דער „הויף" עפים דורכפיהרען אין שטאדט, שיקט מען רופען נתי'ן און מע הייסט איהם ער זאל אזוי און אזוי... דארף די שטאדט עפים דורכפיהרען אין „הויף", קומט מען צו נתי'ן און מע זאגט איהם דאס און דאס... צי פועל'ט דער „הויף" ביי דער שטאדט אלסדינג וואס ער וויל — דאס איז קיין ספק ניט, ווארום פון וואנען לעבט דען די שטאדט, אז ניט פונ'ם „הויף". נאר צי פועל'ט די שטאדט „ביים הויף" — דאס וועל איך אייך ניט זאגען; האלב פועל'ט די שטאדט אלע מאל, ווארום דער הויף האט פון תמיד אן איין תירוץ: „לאז די שטאדט געבען די העלפט, וועלען מיר געבען די אנדערע העלפט"... אי פיין, אי קלוג, אי לייטיש, אי נישטא צו וואס צו טשעפען זיך...

— וואס האב איך אייך געזאגט? — מאכט נאכדעם נתי כל ולך צו דער שטאדט מיט א צוקערזים שמייכעלי און מיט א מאדנעם ניגון און בייגט זיך איין כשעת מעשה אין דרייען: — אדרבה, ניט מיר די העלפט, וועלען זיי געבען די אנדערע העלפט, אם ירצה השם מיט גאט'ס הילף...

די שטאדט ווייסט גאנץ גוט, אז ס'איז שקר וכזב, און נתי אליין ווייסט אויך אז די שטאדט ווייסט, אז ס'איז שקר וכזב, נאר נתי טוט דאס דערפאר, ווייל ער איז א נכנע דעם „הויף", איין עבד כנעני, איבערגעגעבען ממש מיט לייב און לעבען און מיט איין אמת, ווארום זינט נתי כל ולך איז א „כל ולך" אין הויף, געדענקט נישט קיינער און

קליינע פייערלעך, וועלכע האבען נאר ווען עס איז געלויכטען דעם אייביגען יודען און האבען איהם בעוויזען דעם וועג, וואו צו וואנדערן, אין איין גרויסע, ליכטיגע זון, וועלכע וועט איהם נאך בעווייזען דעם אמת'ן וועג פונ'ם לעבען, און וועט איהם נאך פיהרען אין דער גע־בענטשטער וועלדינגען ווייטקייט, וואו דער הימעל וועט זיין קלאר פאר אלעמען, און די ערד וועט זיין גרויס פאר אלעמען...

---

אומעטיגע צייטען... מיר דארפען זיך נאר בעגניגען מיט זכרונות וועגען גבורים... מעהר ניט דער תהום בלייבט אייביג דער־זעלבער, די צרות דיזעלבע, אבער די גבורים, די רעטער, זיי געהען אב פון אונז אויף אייביג, און לאזען איבער אין הארצען נאר א דריקענדע בענקעניש, נאר א פונק, וואס קוים וואס ער טליעט און ווארט... און האפט... אבער אומזיסט.

און די העלעניסטען מיט די חסידים, וועלכע האבען אמאל, אין דער צייט פון די חשמונאים, געריסען דאס פאלק אויף צווייען, זענען געבליבען דיזעלבע, חאטש אונטער אנדערע נעמען, און שטרייטען נאך אלץ איינע מיט די אנדערע, נאך מיט מעהר כעס מיט מעהר גיפט און שלאפען אב דאס פאלק וואס ווייטער אלץ מעהרער, וואס ווייטער אלץ מעהרער. און דאס פאלק קוקט אויף דעם אייביגען שטרייט פון זיינע פיהרער, וועלכע האבען זיך אן איהם דערוויייל גאר פארגעסען, און ווערט שוין אן די האפנונג, און זוכט א טרייסט אויף זיינע צרות אין די לאנג פארגאנגענע צייטען, וועלכע זענען געוועזען רייכער מיט אמת'ע העלדען מיט אמת'ע רעטער...

העלעניסטען און חסידים — זיי שפיעלען די ראלע אין אונזער לעבען — בשעת די ערשטע ציהען אין איין זייט, ציהען די אנדערע אין צווייטען זייט. בשעת די ערשטע זאגען, אז זיי האבען געפונען דעם אמת'ן גאט, לייקענען איהם די אנדערע אב, און אין דער צייט בשעת די ערשטע מאכען נאך ווי טאלפעס אלע אנדערע פעלקער אפילו אין די נארישקייטען, אבי זיי געפעלען צו ווערען און די צווייטע געהען מיט זייערע אייגענע קרומע וועגען און ווילען פון קיינעם אפילו קיין גוטס זיך נישט אפלערנען, בלאנדזעט דאס פאלק אין דער פינסטער, און ווערד געיאגט אויף די וועלען פון דעם שווערען לעבען, ווי א שיפל אהן א רודער אין א שטורמדיגען ים, און קאן ניט געפינען א זיכערען ברעג.

---

איך נעם בלעטערען די יודישע געשיכטע און וויל טיף איינ־קוקען זיך אין די בעשריבענע פאקטען און אין זייערע סבות, וועלכע האבען זיי ארויסגערופען, — און וואס פאר איין אומעטיגע געדאנקען עס טרייבען אן אויף מיר די שווארצע ווערטער: „זיי רעדען, זיי שרייען, זיי וויינען, זיי קלאגען, זיי ווערען פארוואנדעלט אין זיילען פון רויך און בלוט און הויבען זיך אויף צום הימעל און פארשטעלען די ליכ־טיגע שיין". ווילען זיי דאס אנזאגען גאט וועגען דעם אומרעכט, וואס עס ווערד געטאן, וועגען די אומזיסטע בלוט, וואס עס ווערד פארגא־סען? זעהט דען גאט אליין ניט, וואס דא אונטען טוט זיך? דארף ער דען האבען שליחים?

און ווען עס ניט שוין יא א שיין די זון אין פענסטער פון דער צעבראכענער יודישער חורבה, איז דאס אויך נאר אויף א ווייל, ווי א חלום פליהען פארביי די עטליכע קארגע שטראהלען, און דענסט־מאל ווערד די פינסטערניש נאך גרעסער, און א גאנץ פאלק ווערד ווידער פארזונקען אין פיין און אין ליידען...

אט הויבען זיך אויף פאר די אויגען די טייערע שאטענס פון די אונשטערבליכע חשמונאים, און קוקען זיך ארום, און שאקלען מיט די קעפ, און טרערען בעווייזען זיך ביי זיי אויף די אויגען. זיי קוקען אין די פארבייגעגאנגענע צייט — זעהען זיי א לאנגע שרעקליכע נאכט, זיי קוקען אין דער קומענדיגער צייט זעהען זיי אויך קיין סימן פון א זון, מעהר ניט זיי אליין לייכטען ווי די שטערען און ברענגען

---

ער אליין אויך ניט, אז ער זאל זיך מאכען איין אייגענע קאפאטע אדער א פאלי־טא אדער אפילו איך בעט איבער אייער כבוד א פאר הויזען, – אלסדינג פונ'ם „הויף", אלסדינג פונ'ם „הויף". און דער „הויף" ווייסט, אז נתי כל ולך איז זיי געטרייה ווי א געטרייהער הונט, איבער־געבען מיט לייב און לעבען. דער „הויף" ווייסט, אז נתי וועט נישט דערלאזען עמיצער זאל עפ'ס הנאה האבען פונ'ם „הויף" מעהר וויפיעל מע בעדארף... די נגידים אין דער שטאדט קאפעלישל הייסען „די שטיינער", און נתי – דער „שומר פון די שטיינער", און מע האט איהם פיינט און מע איז איהם דם שונאים, דערפאר וואס ער היט „די שטיינער", לינט ווי א הונט אויף א וואגען היי, און מע האט פאר איהם דרך ארץ, דערפאר וואס ער איז א חשוב ביי „די שטיינער", כל ולך אין „הויף".

.3

נתי כל ולך איז א מענש איין אינוויינינגסטער, ווייסט אלסדינג וואס אינוויינינג טהוט זיך, הארכט אלסדינג וואס די נגידים רעדען צווישען זיך איינם אויף דאס אנדערע, ווערד געוואהרע פריהער פון אלעמען פון די אינטריגעס, וואס קומען דארטען פאר, ליינט צו איין אויהר, וואו מע בעדארף און קאן האלטען מויל, פאר נתי'ן שעמט מען זיך נישט און מע קאן רעדען וואס מע וויל.

נתי כל ולך איז א מענש איין אויסנווייניגסטער, ווייסט וואס אין שטאדט טהוט זיך, הארכט זיך צו וואס מע רעדט, טראגט ארויס פון „הויף" אין דער שטאדט אריין אלסדינג, וואס פאסט די שטאדט זאל וויסען, דערציילט בלומרשט אזוי זיך, פארביינעהענדיג, במשיח לפי תמו, דאס גרויסקייט פונ'ם „הויף", דאס עשירות פון די „שטיינער", זייערע צדקות, וואס זיי צעטיילען מיט זייערע אלע מעשים טובים.

נתי כל ולך, מחמת ער איז א מענש אי איין אינוויינינגסטער אי איין אויסנווייניגסטער, ווייסט ער אלסדינג וואס אין שטאדט טהוט זיך, וואו א נייס און וואו א פאטשט, טראגט אפ אין „הויף" אריין אלע פליאטקעס מיט אלע רכילות'ן, קומט צוגעהן אלע מאל מיט גאנצע פעק נייס, פרעמדע און אייגענע, דאס הייסט אזעלכע, וואס ניט געשטויגען ניט געפלויגען, און דאס האט ליב דער „הויף".

— נתי, דערציילט וואס הערט זיך עפיס נייס?

און נתי דערציילט און דער „הויף" הערט זיך איין און לאכט און קוועלט און לעקט די פינגער.

נתי כל ולך ווייסט ווי איין און ווי אויס. אז עס גיעהט איהם אוים שטאף, טראכט ער אויס א נעכטיגען טאג, פיהרט צונויף א וואנט מיט א וואנט, מאכט אן א מחלוקת צווישען „הויף" און צווישען דער שטאדט, פארפלאנטעט איין אינטריגע, וואס דערגעהט צו זידלערייען, צו מסירות און צו פעטש, און ער אליין טאקי ווערד נאכדעם דער מתוך, ניט צו פארשטעהן דער. שטאדט ווי איין עכטער דיפלאמאט, אז מע בעדארף זיך מיט'ן „הויף" ניט קריגען, פארט א „הויף", וואס פון איהם

ווי די זונען אויפ'ן אייגענעם פייער, — זיי ברענען און לייכטען ביז דעם לעצטען טראפען בלוט, ווען זיי פאלען אליין אויך אויף דעם שלאכטפעלד און ווערען פארלאשען... און א גאנץ פאלק בלייבט ווידער אהן א וועג־ווייזער, אהן א אמת געטרייען הערשער און דיענער, און ווערד ווידער צעשפאלטען אויף עטליכע טיילען, און יעדער ציהט צו זיך, און קיינער האט ניט קיין כח צו בעהערשען די איבריגע...

קענט איהר די העלעניסטען, וועלכע האבען דעמאלט געשפיעלט די ראלע פון הענקער פאר זייערע אייגענע ברידער? בשעת מען פלעגט זיך צו זיי גוט צוקוקען, פלעגט מען גלייך דערקענען, אז זיי זענען מאחינו. דאס זענען געוועזען יודען בצורת גריכען, וועלכע האבען די גריכען אין אלץ נאכגעמאכט און האבען זיך געוואלט מיט זיי צונויפמישען. געוועהנליך, זענען דאס געוועזען רייכע יודען, וועלכע האבען זיך געפיהלט ענג און בעגרענצט אין די ראהמען פון יודישקייט, וועלכע דערלאזט ניט טון אומרעכט און היט אב דעם מענשען פון זינדיגען, און די גריכען זענען דעמאלט געוועזען שרעקליך אויסגעלאסען, האבען זיך אונזערע ברידער אן אלעם פארגעסען, און האבען זיך א ווארף געטאן אין א ים פון שמוץ...

אבער דאס איז זיי נאך ווייניג געוועזען! זיי האבען געוואלט בעגליקען מיט פרייהייט פון אלע גייסטיגע געזעצען אויך זייערע ארימע ברידער, האבען זיי אלע מאל געשטרעבט צו אסימילירען אלע יודען און צוזאמענמישען זיי מיט די ארומיגע פעלקער. נאר די ארימע יודען האבען, ווי עס ווייזט אויס, ניט פארשטאנען, אז מען מיינט זייער טובה, און האבען זיך ניט געלאזט איינרעדען. האבען דעמאלט די אסימילאטארען געוואלט בעגליקען די יודען חאטש איבער געוואלד. מסירות און נאך אזעלכע מיני גאנגען זענען אויך דעמאלט געוועזען גוט בעוואוסט צווישען די יודען, האבען זיי אנגעהויבען איינרעדען אנטיוכוס עפיפאנעס, וועלכער האט דעמאלט געהערשט איבער די יודען, ער זאל זיי נייטען צו דיענען געצען. און אנטיוכוס איז אקוראט געוועזען דער מענש דערפון, ווייל ער איז געוועזען זעהר פארדארבען, אהן א כאראקטער, אהן א גאט אין הארצען, אויף וואס עס ווייזט אויך דער פאקט, אז מען האט איבערגעמאכט זיין נאמען פון „עפיפאנעס"[1] אויף „עפימאנעס"[2]. ער האט זיך גענומען צו דעם מיט אלע קרעפטען, און האט אנגעהויבען זויגען דאס יודישע בלוט, ד"ה: די בלוט פון די ארימע פראסטע, נישט פארדארבענע מענשען, וועלכע האבען ניט געקאנט דערלאזען, אז עמיץ זאל זיי שטערען אין זייער אמונה, אין זייער געוויסען, און זיי האבען ניט געוואלט פארקויפען זייער גאט, אזוי ווי די רייכערע קלאסען האבען געטאן נאך איידער מען האט דאס פון זיי פארלאנגט...

און ארים יודיש בלוט האט זיך געגאסען ווי וואסער, און די רייכע העלעניסטען, וועלכע מיר דארפען צום אומגליק און שאנד אנרופען מיט דעם נאמען ברידער, האבען געקוקט און געקוואלען און געלייצט דעם „משוגע'נעם", און ווייטער געקוואלען. דעמאלט האט זיך אויסגעדאכט, אז עס איז שוין קיין גאט אין הימעל נישט געבליבען און קיין רעטער אויף דער ערד. ארימע, ארענטליכע מענשען זענען טויזענטער־ווייז גע'הרג'עט געווארען, און ריינע, הייליגע בלוט פון מענשען, וואס ווילען זייער געוויסען ניט פארקויפען, האט שטיל, ביי קיינעם קיין רחמנות ניט בעטענדיג געגאסען זיך אויף דעם מזבח פון אמת און גערעכטיגקייט, וויסענדיג, אז פריהער־שפעטער וועט אמת און גערעכטיגקייט פארט אלע הערצער איינגעמען.

און די העלעניסטען האבען דערווייל אויסגעבעטען ביי אנטיוכוס דורך אונטערטעניגע רעד, חניפות און גרויסע געלד־סומען, ער זאל זיי ערלויבען נעמען אנטייל אין די... גריכישע שפיעלען! די שפיעלען זענען בעשטאנען אין דעם, וואס יונגע מענשען זכרים און נקבות, פלעגען זיך צונויפזאמלען אויף א בעוואוסטען פלאץ און פלעגען נאקיטערהייט לויפען, שפרינגען, ראנגלען זיך, שלאגען זיך מיט די פויסטען...

אט צו וואס פאר א נידערטרעכטיגקייט קאן קומען א מענש! די בייזעסטע חיות וואלטען זיך וואונדערען און קוועטשען מיט די פלייצעס, ווען זיי וואלטען קענען פארשטעהן די משוגע'דיגע מענשליכע גאנגען...

מיינע הענט הייבען אן ציטערען, איך מיש גיכער די געשיכטע א בלאט נאך א בלאט, איך האב מורא א קוק טון, איך האב מורא פאר די ווערטער — ווער ווייסט, וואס פאר אכזריות זיי וועלען מיר נאך אנדערצייהלען, ווייל אויף אזעלכע מענשען, ביי וועמען א ברודער איז קיין ברודער און א געוויסען איז קיין געוויסען ניט, איז אלעס צו גלויבען און איך וויל ארויס פון דעם שרעקליכען בלוטיגען פעריאד, מיר איז ענג צום דערשטיקט ווערען, עס פארכאפט מיר דעם אטעם... מיר דאכט זיך גאר, אז דאס אלעס איז ניט מעהר ווי א חלום, א שווערער חלום, און איך וויל זיך אויפכאפען, אויפרייסען די אויגען און דערזעהן די זון חאטש פון ווייטען...

אט זעה איך די הייליגע שאטענס פון די חשמונאים, וועלכע

[1] דער ליכטיגער. [2] דער משוגע'נער.

לעבען קיין עין־הרע אזוי פיעל יודען... און נתי געפינט א פשרה, מאכט א שלום ביז דעם נייעם קריעג.

נתי כל ולך האט צו שאפען אין יהויף איבער אלסדינג: איבער די מלמדים, איבער די פערד און וועגעלעך און איבער די דיענסטען, ער טראגט אויפ'ן קאפ אלסדינג; די מצה שמירה, דאס גרינס אויף שבועות מיט'ן סכך צו דער סכה, די כפרות, מיט די הושענות, מיט'ן אתרוג, אומעדום אין יעדען ארט, צו יעדער צייט איז נאר נתי און נאר נתי.

— וואו איז נתי? למאי זעהט מען ניט נתי'ן? ג'זהט צו נתי'ן.

און נתי, א יודל מיט גרויסע באנקאוואטע אויגען, מיט א גע־קרייזעלט קעפעלי ווי ביי א שעפעלי און מיט א גלאט פנים, וואס וויל ניט וואקסען אויף דעם קיין בארד אחוץ צוויי דריי רויטע פע־דעמלעך, איז תמיד פארטארעראמט, האט שטענדיג קיין צייט ניט, לויפט ארום ווי א פארסמ'טע מויז, שוויצט און ארבייט געשמאק, דיענט געטרייה, טהוט אלסדינג ערנסט, מיט כונה, — „לשמה".

(ענדע קומט).



האבען אויסגעפלאקערט מיט א צארען פון האס און פארניכטונג קעגען די, וואס האבען פארקויפט די ברידער, און האבען מקריב געווען זייער לעבען אויף דעם מזבח פון ליבע צום פאלק, צו זיין גייסטיגער זעלבסטשטענדיגקייט — און מיין בעטריבטער גייסט חאפט אב דעם אטעם, און מיינע מידינע אויגען דערקוויקען זיך מיט די שטראהלען, וועלכע שיינען מיר דורך א לאנגע שורה פון הונדערטער יאהרען און בלייבען שטענדיג ליכטיג, שטענדיג ווארעם און דערפילען דאס הארץ מיט א פעסטען גלויבען אין דעם, אז דער אמת וועט מנצח זיין.

אומעטיגע צייטען... מיר דארפען זיך נאר בעגניגען מיט זכרונות פון פריהער און מיט האפנונגען אויף שפעטער, מיר דארפען נאר גלויבען... און דערווייל ציהען זיך יאהרען, לאנגע, ביטערע יאהרען און די כחות ווערען שוואכער, און שטענדיגע חמארעס פארציהען דעם הימעל. מעהר ניט די העלעניסטען ווילען אויך איצט ניט נעמען אין אכט זייערע ארימע ברידער און פארקויפען זיי נאך ווי דענסטמאל פאר א לעפעל טרפה ליגזען, פאר א גריכישען שפיעל, פאר א שנעל אין נאז, וועלכען זיי בעקומען פון א פרעמדען. אבער די חשמונאים זענען געבליבען אויפ'ן שלאכט-פעלד און האבען אונז איבערגעלאזען אונטער פיינדשאפט, אונטער צארען, און עס דאכט זיך, אז עס איז ניטא קיין שיין פון רעטונג אויף דער ערד...

---

בשעת איך געה דורך די יודישע געסלעך און איך זעה, וויפיעל שטובלעך, פארגעסענע פון גאט און פון לייטען, ווערען פלוצלינג בעלויכטען דורך די קליינע פייערלעך וויפיעל פארווארפענע ווינקעלעך, וועלכע זעהען אפילו ביים טאג קיין ליכטיגען שטראהל, ווערען פלוצלינג פארפוצט דורך די שוואכע אפילו, אבער דאך ווארעמע און ליבליכע שטראהלען פון די בעשיידענע חנכה-ליכטלעך; בשעת איך זעה ווי א גאנץ פאלק, וואס איז צעזייעט אין אלע ווינקעלעך פון דער וועלט, צינדעט אן אילומינאציעס צום אנדענקען פון זיינע העלדען, וועלכע האבען זיך איינגעשטעלט דאס לעבען פאר איהם אין די שלעכטע צייטען און האבען איהם גערעטעט פון געפעהרליכען פיינד; בשעת איך זעה ווי פון די פענסטערלעך ציהען זיך איינע צו די אנדערע, ווי גאלדענע פעדים, די חנכה-שטראהלען און ווילען זיך פאראייניגען אין איין גרויסע, ליכטיגע זון, וועלכע זאל דאס בייזע אויסראטען און דאס גוטע אויפמונטערען און דערקוויקען, — דאן ווערד מיר אביסל פרייהליכער אויפ'ן פארביטערטען הארצען, און עס הייבען זיך אן שנעלער גיעסען מיינע בלוטען און איך דערפיהל אין זיך גאר נייע, קיינמאל ניט געשפירטע קרעפטען.

דאן הויב איך אן ווידער גלויבען, אז פונקען, וועלכע טליען אזוי לאנג און ווערען ניט פארלאשען דורך די ווינטען, וועלכע בלאזען פון די ארומיגע מדבריות, וועלען פריהער, שפעטער זיך פאראייניגען מיט אונזער אלגעמיינע זון, וועלכע שיינט אויף אונזער אלגעמיינעם הימעל...

דער ווארטאציער.

---

# ווען בין איך א גרויסער געווארען.

(ערינערונגען פון מיין קינדהייט)

אז איך בין אלט געווארען 9 יאהר, האט דער טאטע אויף מיר געזאגט אז איך בין שוין „א גרויסער בחור”. דער דאזיגער „קאמפלימענט” פלעגט מיך שטענדיג טרויריג מאכען, דאס האט שטענדיג געקלונגען אין מיינע אויהרען ווי: זעגען זיך, זעגען זיך!... דעם טאטענס קאמפלימענט האט ניט געהייסען, אז איך בין שוין א לייט, א מענש — עס האט גאר בעדייט, אז איך דארף שוין אזעלכער זיין, איך טאר שוין ניט שפיעלען אין פערדלעך, דארף שוין ניט האבען סכות קיין פאהן, תשעה-באב קיין שווערד, פורים קיין גראגער און חנכה — קיין דריידל... זעגען זיך, זעגען זיך!

ביי יעדער יום-טוב פלעגט זיך דאך אין מיר ערוועקען א שטארקער חשק צו פאהנען, שווערדען, גראגערס און דריידלעך, און אז עס איז אנגעקומען חנכה און אריינגעהענדיג אין בית-מדרש פאר נאכט און דערזעהענדיג דארט דעם גרויסען מסחר מיט די בלייערנע דריידלעך, האט זיך אין מיר צעפלאמט דער פארלאנג צו קויפען א דריידל. פארגעסענדיג אן דעם טאטענס קאמפלימענטען האב איך אויסגעקליבען דאס בעסטע דריידל מיט דייטליכע גרויסע אותיות ביי די זייטען: „נס גדול היה שם”, און שוין טאקי אויפ'ן טיש, וואס איז געשטאנען נעבען אויוועז, וואו דער מסחר איז פארגעקומען, האב איך עס אויסגעפרובט. דאס דריידל האט זיך א לאז געטאן איבער'ן גרויסען טיש, ווי א שכור'ער פויער א קאזאצקע און האט זיך ענדליך פארהאלטען אן דער גראבער גמרא בבא קמא, וואס איז געלעגען אין מיטען טיש. איך בין געווען ענטציקט. זעהר א גוט דריידל! האב איך בעשלאסען. דעם פארקויפער אבער האב איך דאס ניט ארויסגעזאגט, ער קאן נאך בעטען מעהר ווי א זעקסערל פאר אזא געראטענעם דריידל און איך האב געפונען אין איהם חסרונות, אז עס שטעהט ניט קיין „שמונה-עשרה”. איין אמת'דיג גוט דריידל דארף קענען שטעהן „שמונה-עשרה”. דער פארקויפער, א בארפיס, הונגעריג לאבוסל מיט א צעדראפעטען פנים האט מיך איראניש אנגעקוקט, גענומען דאס דריידל אין האנט און דאס דריידל האט זיך גלייך א לאז געטאן און באלד זיך „שמונה-עשרה” אוועק-געשטעלט.

— וואס וועסטו יעצט זאגען? האט ער אויף מיר אויסגעשטעלט זיינע שווארצע אויגען.

איך האב ווירקליך ניט געהאט וואס צו זאגען. וואס זאגט מען טאקי פאר א חסרון אויף אזא דריידל, וואס שטעהט אפילו שמונה-עשרה, גאט ווייסט ווי פיעל אזא דריידל קאן אנטרעפען! נאר מיט דעם מקח בין איך דורכגעקומען. נאך א קליין ווייליע דונגען זיך, האט ער מיר אבגעגעבען פאר א זעקסער.

— דו האנדעלסט דא א מציאה! זאלסט דאס וויסען! האט דער „סוחר” מיר ווי מוסר געזאגט. זאלסט זאגען דייגע יונגלעך, אז די האסט בעצאהלט א צעהנערל, ווארום דו וועסט מיר מאכען קאליע דעם מקח, הערסט?

הערען האב איך געהערט, נאר ענטווערען האב איך ניט געענטווערט. וואס ארט מיר די גאנצע וועלט, אז איך האב אזא מין דריידל. און איך בין ארויס געלאפען פון בית-מדרש.

אין וועג א היים האט מיר דאס הארץ געציטערט. וואס וועט זאגען דער טאטע? טאמער וועט ער ניט לאזען שפיעלען זיך מיט'ן דריידל און דאס האט מיר גערויבט מיין מוט. איך האב זיך אבער געטרייסט, אז מיין טאטע, א פרומער יוד, וועט ניט האבען די העזה צו שטערען מיר, שפיעלען זיך מיט א צאצקע, וואס האט אויסגעקריצטע לשון־קדש'דיגע ווערטער, דאס איז דאך מסתמא א מצוה.

אז איך בין געקומען א היים, האב איך תיכף, ווי דער טאטע האט די חנכה־ליכטלעך אבגעבענשט, ארויסגענומען מיט א קלאפענדען הארצען דאס דריידל פון קעשענע, זיך אומגעקוקט אין אלע ווינקעלעך און פארלאזענדיג זיך אויף גאט'ס בעראט האב איך עס א דרעה געטאן איבער'ן טיש און געקוקט מיט איין אויג אויפ'ן דריידל, מיט'ן צווייטען — אויפ'ן טאטען, דער טאטע האט עס אבער ניט בעמערקט. איך האב עס נאך א מאל געטאן.

— אי, סא'רא טייער דריידל! האט זיך מיין קליין שוועסטערל, דאבקע, געוואונדערט.

— אי ווי עס שפרינגט, אי ווי עס פליהט!

דאבקע, וואס האט געהאט א טבע צו רעדען אלץ הויך אויף איהר קלינגענדיגען קול'כל, האט אן געמאכט א גאנצען גערודער.

— וואס, וואס? האט דער טאטע איבערגעפרעגט צוגעהענדיג צום טיש.

— בערל האט א דריידל! האט דאבקע נאך געהעכערט איהר קול.

— ווייז נאר, ווייז נאר! האט דער טאטע כלומרשט קאלט־בליטיג ארויסגעזאגט און האט בעטראכט דאס דריידל.

— נא דיר א דריידל! האט ער מיך אנגענומען ביים אויהר — איך וועל דיר בעווייזען...

מיט א פארדריקטען הארצען האב איך געקוקט, ווי דער טאטע, מיט א קאלטקייט פון א שוחט, ווען ער קוילעט די כפרות, נעמט דאס דריידל און לעגט אריין טיעף אין קעשענע.

— דריידעלעך... האט ער נאך מיר געשאטען זאלץ אזא גרוי־סער בחור!....

חנכה איז אבער אכט טעג מיט אכט נעכט, לערנען לערנט מען אין חדר נאר ביז 1 א זייגער ביי טאג, וואס טוט מען אין דער איברי־גער צייט? אז שפיעלען זיך אין דריידלעך אין דער היים בין איך שוין א גרויסער און דער טאטע לאזט ניט. אין בית-מדרש קאן מען שטי־פען העכסטען א שעה, ווען דער שמש חאפט זיך ארוים עסען מיטאג, נאך מיטאג קומט ער שוין צו געהן מאכען ארדנונג און ער איז זעהר שטרענג... ער האט גאר קיין דרך-ארץ פאר אונז ניט, וואס מיר זענען בעלי־בתישע קינדער און אהן צערעמאניעס ווארפט ער אונז ארוים פון בית-מדרש...

דארף מען זוכען אין וואס צו פארברענגען די צייט און אז מען זוכט, האב איך שוין געוואוסט פון משלי, געפינט מען.

און געפינען האב איך עס געפונען אין קליינעם בית־מדרש אין דער ווייבערשער שוהל. דארטען האט זיך ענטפלעקט גאר א נייע וועלט פאר מיר, א וועלט פון גרויסע יונגלעך...

דארטען האט מען געשפיעלט אין קארטען און דוקא אין אקא, ווי איך בין שפעטער איהר נאמען דערגאנגען.

לכתחלה, פארשטעהט זיך, האב איך דערויף געקוקט ווי א האהן אין בני אדם, איך האב געהערט עפיס ווערטער נאך שווערער פון אקדמות: „וויזע", „פאס" „אומגעזעהן" „געמיטעוועט". און וואס טונקעלער דאס שפיעל איז פאר מיר געווען, אלץ מעהר האט דאס שפיעל מיך געצויגען, גערופען...

און איך האב מיך אויסגעלערנט. איך בין דאך שוין א גרויסער בחור געווען... דער טאטע האט דאך אליין געזאגט... דער טאטע ווייס דאך גוט...

און איך האב געשפיעלט אין אקא ווי א גרויסער. דעם לעצטען טאג חנכה האב איך מיט א „טשיסטע שראגע" פארטריבען חייקל הונט מיט צוויי טייז, און גענומען א קאן פון אכט גראשען...

חייקל הונט האט זיך געריסען די האר פון קאפ און איך האב פון איהם געלאכט, ווי איין אמת'ער גרויסער...

אברהם רייזען.

---

## יודישער נצחון.

הונדערטער מלחמות האט דאס יודישע פאלק געפיהרט מיט ארומיגע פעלקער, פון דעם טאג אן, וואס זיי האבען זיך בעזעצט אין ארץ־ישראל ביז די רעמער האבען זיי פארטריבען פון זייער לאנד. ניט איין מאל האט די יודישע מאכט מנצח געווען, ניט איין פאלק האט געפיהלט אויף זיך דעם טעם פון דעם יודישען כח — און דאך איז גאר איינער פון די נצחונות געבליבען צום אייביגען אנדענקען; נאר איינער ווערד געפייערט נאך היינט אלס א זכר פון די יודישע גבורה — חנכה.

און חנכה האט עס טאקי פארדיענט: חנכה איז א זכר פון די מלחמות, וואס קאן נאר ארויסגערופען ווערען ביי דעם יודישען גייסט־פאלק.

די אלע מלחמות, וואס די יודישע שופטים און מלכים פון יהושע'ן אן האבען געפיהרט, שטעהען ניט העכער און ניט נידריגער פון די געוועהנליכע מלחמות, וואס ווערען געפיהרט צווישען אלע פעלקער און נאציאנען. יעדעס פאלק שטרעבט צו ערווערבען וואס מעהר מאכט, וואס מעהר קראפט; צו פארברייטערען די גרענעצען פון זיין לאנד, כדי צו פארבעסערען דורך דעם דאס לעבען פון פאלק. יהושע האט די איינאונדרייסיג מלכים פארטריבען, כדי די יודען זאלען זיך קענען בעזעצען אין לאנד כנען; דוד המלך האט איינגענומען אנדערע פעלקער, כדי צו פארגרעסערען די יודישע מלוכה און אזוי האט געטאן יעדער יודישער קעניג, דאס וואס עס טוען אלע קעניגע פון אלע לענדער און אלע צייטען.

אבער די מלחמה פון די חשמונאים, לכבוד וועלכע מיר פייערען די אכט טעג חנכה, טראגט אויף זיך גאר איין אנדערען כאראקטער. אנטיוכוס איז ניט געוועזען קיין אלכסנדר־מוקדון, קיין נאפאלעאן; ער האט ניט געוואלט גלאט איינגעמען פעלקער, כדי צו פארגרעסערען זיין מאכט; ער האט געהאט נאך א ציעל דערביי: ער האט געוואלט פארניכטען דעם נאציאנאליזם פון יעדער נאציאן, פארטרייבען פון איהם דעם בעזונדערען גייסט, די בעזונדערע קולטורעלע מעלות, וועלכע עס שיידען אב איין פאלק פון צווייטען. די שיטה איז אייגענטליך די ריכטיגסטע. אנטיוכוס

האט געדענקט, אז צונעמענדיג ביי א פאלק זיין קולטור און איינ־פלאנצענדיג איהם די גריכישע קולטור — אונטערדריקט ער איהם ניט ווילענדיג אונטער זיין מאכט. דעריבער האט ער אזוי ביסלעכווייז דערשטיקט פיעל נאציאנען פון גרויס־אזיע. פון אנהויב האט ער דארטען איינגעפיהרט די גריכישע מנהגים, דעם גריכישען ארט לעבען און דערנאך האבען זיי זיך שוין אריינגעשלעפט אין זיין נעץ און זענען געווארען זיינע אונטערטעניער.

און פון קיין פאלק האט אנטיוכוס נישט בעגעגענט אזא געגען־קאמפף ווי פון די יודען, וואס האבען ארויסגעטרעטען מיט די גאנצע קראפט פון פארצווייפעלטע מענשען, וועלכע געהען אויף לעבען און טויט. זיי האבען געוואוסט, אז דא האנדעלט זיך וועגען א לעבענס־פראגע: פון זיין אדער ניט זיין. אדער זיי זאלען מנצח זיין און בלייבען יודען, אדער אנטיוכוס זאל זיעגען און דאן ווערד אויסגעראט דאס גאנצע יודישע פאלק. ווייל דא זענען אנדערש אוועק געשטעלט געווארען די בעדינגונגען פון אנטיוכוס זייט. צו שטארק איז געוועזען די ווירקונג פון די גריכישע קולטור, כדי אבצוהאלטען די יודישע יוגענד, ניט נאכצוגעהן נאך איהר אויסערליך שיינע ליכט. א צו גרויסער קאנטראסט איז געוועזען פון דעם יודישען עניוות׳דיג פרומען לעבען צו דעם אויסגעלאסענעם פרייען גריכישען לעבען. און ווען אנטיוכוס וואלט מנצח געווען וואלט זיך ביסלעכווייז דאס יודענטום אסימילירט און אויסגעמיישט זיך מיט דעם גריכענטום.

די מלחמה איז ניט גלייך צו די לעצטע מלחמה מיט די רעמער. יענע האבען מעהר נישט געוואלט ווי צונעמען די יודישע פאליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, אבער זיי האבען צוזאמען מיט דעם פארטרייבען פון לאנד נישט געקאנט ארויסטרייבען די יודישע נשמה, דעם יודישען גייסט. אבער אנטיוכוס וואלט די יודען איבער־געלאזען אויף זייער לאנד אהן זייער גייסט און זייער קולטור, ביז זיי וואלטען צאנקען און אויסגעהן ביסלעכווייז ווי א ליכט. אזא טויט איז דער ערגסטער פאר א פאלק, וואס די ערשטע ווארצלען פון זיין פאלקס־קיום זענען: קולטור און גייסט, תורה און רעליגיאן.

די מכבייער האבען דאס אלעס פארשטאנען. זיי האבען געזעהן, אז ווי נאר די גריכען האבען אריינגעשטעלט א פוס אין זייער לאנד; ווי נאר זיי האבען זיך אנגעהויבען אריינמישען אין דעם אינערליכען לעבען פון פאלק; ווי נאר זיי האבען בעוויזען א מעגליכקייט פון איין אנדער ארט לעבען — האט זיך שוין דער טאג־טעגליכער ריינער יודישער לעבען צעשטערט: דער בעריהמטער יודישער פאמיליען־לעבען האט אנגעווארען זיין קאליר; די יודישע צניעות איז געפאלען; די יודישע יונגע לייט האבען ניט נאר קיין זאך נישט געטאן פאר זייער פאלק, נאר פארקעהרט, זיי האבען נאך געטאן געגען איהם און האבען מיטגעהאלפען די גריכען אויס־שפאטען פון אלע יודישע היילינגטימער. היינט וואס ווען שוין זיין ווען די גריכען וועלען איינגאנצען האבען צו זאגען אויפ׳ן יודישען לעבען?

דעריבער האבען די מכבייער מיט די לעצטע ביסעלע קרעפטען געשטריטען און געוויזען אזא אונגעהייער גרויסע גבורה, וואס ס׳איז זעלטען צו געפינען אין דער געשיכטע, אזוי, אז דאס ביסעלע יודישע חיל פון איינינע טויזענט מאן האט איינגענומען דעם גרויסען פינפציגטויזענטיגען גריכישען חיל.

און עס איז קיין וואונדער ניט, וואס דער יום־טוב חנכה איז אונז פארבליבען פון אלע טייערע, פון אלע ליבער. דער מאמענט איז דער וויכטיגסטער אין אונזער געשיכטע: דאס האבען גע־שטריטען צוויי גייסטער און דער יודישער שטארקער גייסט, האט מנצח געוועזען.

טויזענטער יאהרען זענען אוועק פון יענער צייט און דאס יודישע פאלק, שוין ניט האבענדיג קיין היים, האט געהיט הייליג און טייער צו האלטען זיין חנכה, דעם יום־טוב פון דעם גייסט־נצחון. און דאס אנדענקונג האט איהם געדיענט פאר א ליכטיגען פונקט אין זיין פינסטערען לעבען.

שוואכער זענען אבער געווארען די דורות, שוואכער אין גייסט, אין מוט, אין גבורה. און קיין יהודה המכבי׳ס האבען מיר ניט.

און די ווירקונג פון די פרעמדע געזעלשאפטען איז שטארק. מיר האבען פאר זיך איין גרויסען שונא, געגען וועלכען מיר קענען ניט שטרייטען, אונזער פיינד איז: די פרעמדע סביבה, וואס פארגיפטעט אונזער נשמה און שלינגט איין ביסלעכווייז אונזער גייסט.

און כדי ,נצל צו ווערען פון דער פרעמד, כדי צו אנהויבען לעבען א נייען, א פרייען, זעלבסטשטענדיגען לעבען — מוזען מיר האבען א לאנד, איין איינען זעלבסטשטענדיג לאנד.

דארטען וועלען מיר אויפהערען צו זיין אונטערדריקט, דארטען וועט אונזער גייסט קריגען דאס רחבות, וועלכע עס האט איהם געפעהלט אין דער גלות־פארפעסטעטע לופט.

נאר א קליינע טייל פון יהודה המכבי׳ס גייסט מוזען מיר נאך האבען: נאר איין עטוואס מעהר העלדען, גוטע העלדען, איבערגעבענע טרייע קינדער פון זייער פאלק. מענשען וואס זאלען צוזאמען מיט זייערע לעבענס־אינטערעסען האבען פאר זיך אויך זייער פאלק און זיינע אינטערעסען, און וואס זאלען צוליב דעם קענען עטוואס אפפערען.

ווען די צאהל פון די העלדען זאל ווערען גרעסער, ווען דער זכר פון חנכה, פון אונזערע אמאליגע גבורים זאל זיי בעוועגען צו ארבייטען פאר די ווידעראויפלעבונג פון זייער פאלק — איז גאנץ מעגליך, אז מיר זאלען נאך דערלעבען צו פייערען דעם צווייטען נצחון פון יודישען גייסט, וואס וועט זיך ערווערבען א לאנד פאר דאס צעזייטע און צעשפרייטע יודישע פאלק.

ש. טשערנאוויטש.

---

# פאליטישע נייעס.

— דער טערקישער גרויס־וויזיר האט זיך געמוזט, וועגען די רעפארמען אין מאקעדאניע, וואס ער האט נישט געוואלט איינפיהרען, אבזאגען פון צו זיין גרויס־וויזיר.

— דער פרעזידענט פון דער קאלומבישער רעפובליק האט געשיקט איין אויפרוף צו די אנדערע אמעריקאנישע רעפובליקען, אין

וועלכען ער בעט זיי, נישט צו דערלאזען אוועקצונעמען פון קאלומביע איהרע רעכטע איבער פאנאמע, וועלכע האט זיך נישט לאנג אבגעטיילט פון איהר און איז צוגעשטאנען צו די פאראייניגטע שטאטען. דער פרעזידענט מאכט אין זיין אויפרוף בעקאנט, אז קאלומביע האט זיך בעשלאסען מלחמה צו האלטען מיט אלע מעגליכקייטען פאר איהרע רעכטע, וואס זי האט אויף פאנאמא.

— די ענגלישע רעגירונג האט, ווי עס איז שוין בעקאנט, אלע פאליטישע אונטערהאנדלונגען מיט סערביע אבגעריסען. די צייטונגען שרייבען וועגען דעם די דאזיגע ידיעות: ענגלאנד האט אויפגעהערט צו מאכען פאליטישע אונטערהאנדלונגען מיט דעם סערבישען געזאנדטען מיאטאוויטש באלד ווי אווקומאוויטש האט איבערגענומען דאס מיניסטעריום, אין וועלכען עס האבען זיך געפונען דריי טיניס־טארען, וועלכע האבען איין אנטייל גענומען אין דעם בונד קעגען אלכסנדריען. און באלד דערויף האט מען פון בעלגראד צוריקגערופען דעם ענגלישען געזאנדטען באנהאם און דעם ענגלישען וויצע־קאנסול האט מען געהייסען מעלדען, אז ענגלאנד וועט נישט שיקען אין בעלגראד קיין געזאנדטען און, אז זי וועט נישט האבען קיין שום אונטערהאנדלונג נישט מיט דעם סערבישען הויף, ניט מיט דער סערבישער רעגירונג, ווי לאנג די פונטאוויטשיקעס וועלען נישט ווערען דערווייטערט פון הויף און פון די רעגירונגס־שטעלען אין דעם נייעם מיניסטעריום געפינט זיך אלס קריגס־מיניסטער ה' אנדרייעוויטש, וועלכער האט אפילו אליין נישט קיין אנטייל גענומען אין בונד, אבער ער האט געהאלטען פאר די רוצחים, און וועלכע עס האט זיך געפונען זיינער איין איידעם. די ענגלישע רעגירונג איז זעהר אויפ־געבראכט אויף דעם. וואס קעניג פיאטער האלט נאך עד היום אלס ערשטען אדיוטאנט פאפאוויטשען, וואס איז געוועזען איינער פון די הויפט־רעדעלפיהרער אין בונט. עס טראגט זיך ארום א קלאנג, אז נאך איידער די שרעקליכע רציחה אין בעלגראד איז געשעהן, זענען פאלקאוויניק מאשין און מיניסטער גענטשיטש געפאהרען קיין זשע־נעווא צום קעניג פיאטער און האבען פון איהם בעקומען א דאקומענט, אין וועלכען ער נעמט אויף זיך ארויף געוויסע פפליכטען אין דעם פאל, אויב מען וועט דעם קעניג אלכסנדר הרג׳ענען. און דער דאזיגער דאקומענט געפינט זיך אצינד ביי מאשינען, וועלכער איז היינט דער קאמאנדיר פון דער בעלגראדער דעוויזיע. איבער דעם אלעם וויל נאך איצט אויך נישט די ענגלישע רעגירונג בעגייען איהרע פאליטישע אונטערהאנדלונגען מיט סערביע.

— דער חינעזישער פירסט יואנשיקיי האט געמעלדעט דעם חינעזישען קייזער, אז ער קאן שוין אנהויבען מאכען די ערשטע שריט צו האלטען מלחמה געגען רוסלאנד וועגען מאנדזשוריע. דער גענעראל מא איז גרייט מיט 18,000 סאלדאטען צו געהן קיין שאנהיי־גואן.

---

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דעם דריטען נאיאבער ביינאכט איז אין סקערנעוויץ (רוסלאנד) געשטארבען די אכט יעהריגע פרינצעסין יעלי־סאוועטא פון העסען, די איינציגע טאכטער פון דעם העסישען גראסהערצאג. די פערשטארבענע פרינצעסין איז מיט געקומען נאך סקערנעוויץ צוזאמען מיט דער רוסישער קייזערליכער פאמיליע, וועלכע איז צוריקגעפאהרען פון דייטשלאנד, אלס בעגלייטערין פון די רוסישע פרינצעסין אלנא ניקאלאיעוונא, וועלכע איז מיט איהר אין איין עלטער. דעם 2 נאיאבער האט די פרינצעסין געפיהלט זעהר א שטארקען ווייטאג אין מאגען און האט נישט געקאנט קיין טייל נעמען אין דעם קאנצערט, וואס איז געוועזען דעם זעלבען אבענד. מען האט באלד געבראכט דעם פרא־פעסאר אנדערס פון ווארשא און נאך 5 דאקטוירים זענען אנגעקומען, אבער עס איז שוין נישט מעגליך געוועזען איהר צו רעטען און דעם 3־טען נאיאבער ביינאכט איז זי געשטארבען.

— פיעל יאפאניער, וואס וואהנען אין פעטערסבורג, פערלאזען די שטאדט און פאהרען צוריק קיין יאפאניע.

— בשעת דער איטאליענישער קעניג מיט דער פרוי האבען גע־רייזט נאך ענגלאנד, האט א סאלדאט, וועלכער איז געשטאנען אויף דער וואך, אוועקגעלעגט אויף די רעלסען, אויף וועלכע דער צוג האט געדארפט געהן 7 גרויסע שטיינער, כדי דער צוג זאל אראב פון וועג, צום גליק אבער האט עס דער בעאמטער פון סטאנציע בעצייטענס דערזעהן.

— א שרעקליכער געוויסער איז געוועזען דעם 26 נאוועמבער אין פעטערסבורג, 6000 וואהנונגען אין די נידעריגע שטאקען זענען פארטרונקען געווארען, און 30,000 מענשען זענען געבליבען אהן דירות. דער רוסישער קייזער האט געשאנקען 10,000 רובל צו צעטיילען צווישען די, וואס האבען געליטען פון געוויסער.

— דער פאפסט פיוס דער צעהנטער האט מתקן געוועזען א תפלה פאר די יודען, וועלכע מען האט מתפלל געוועזען אין אלע ענגלישע קאטוילישע קירכען אין דעם טאג „אלע היילינע" מיט דעם דאזיגען נוסח: גרויסער, אלמעכטיגער גאט, דער גאט פון אברהם, יצחק און יעקב! מיר טון פאר דיר תפלה און בעטען דיך פאר דיין אלט פאלק ישראל. קוק אראב מיט דיין גרויס גנאד אויף זייער ביטער מזל, זעה ווי זיי ליידען און ווערען געפייניגט, ווי זיי זענען נע ונד איבער דער וועלט דורך דיין צארן. מיר האבען זייער מזל נאך ערגער געמאכט: מיר האבען געהאלפען, אז די יודען זאלען זיין אייביגע וואנדערער. צו אונזער גרויסע שאנדע האבען מיר זיך נאך געפרייט מיט די צרות, וואס איז געקומען אויף די בני יעקב. און אצינד ווענדען מיר זיך צו דיר, גרויסער גאט, און מיר בעטען דיך פאר זיי — שיק זיי צו דאס גנאד און גליק, וואס דו האסט פאר זיי אנגעגרייט. גיב זיי צוריק דאס לאנד, די ירושה פון זייערע עלטערן, מאך אייך געשווינד די טויערן פון ציון — צו די פריידע פון די ישראל און פון דער גאנצער וועלט.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** די העברייאישע צייטונג „הזמן", וועלכע איז ביז איצט ארויסגעגאנגען 2 מאל אין דער וואך, האט בעקומען די ערלויבניש ארויס־צוגעהן אלע טאג, און דער מאסף פון „הזמן", וועלכער איז ארויסגע־גאנגען 4 מאל אין יאהר — וועט ערשיינען יעדען חודש.

— ה׳ לעאן ראבינאוויטש, דער רעדאקטאר פון „המליץ", האט בעקומען איין ערלויבניש ארויסצוגעבען א זשארגאניש טעגליך בלאט אין פעטערסבורג מיט דעם נאמען „דער טאג".

— דעם 7־טען נאוועמבער איז געווארען 10 יאהר זייט דער בע־רוהמטער ראבינער י. מזא״ה איז געווארען ראבינער אין מאסקווא. די אדעסער יודישער געמיינדע האבען איהם געוואונשען גליק אין דעם טאג און איהם אויסגעדריקט זייער דאנק פאר זיינע ארבייט לטובת הכלל.

— די פארשטעהער פון אלע קיעווער ציוניסטישע חברות האבען אין נאמען פון 2000 ציוניסטען געשיקט א פראטעסט געגען די 60 רבנים וואס ווילען מאכען א רבנישע אספה אין גראדנא.

— ווענען די רבנים־אספה שרייבט מען פון פעטערסבורג, אז די ערלויבניש צוזאמען רופען די אספה האט מען נאך דער וויל נישט בעקומען, אויך איז מען מודיע פון פיעל שטעדט, אז אסך רבנים, וועלכע געפינען זיך אין דער רשימה ווייסען גאר נישט פון דער אספה אזוי ווי דער פלאצקער רב און נאך אנדערע.

— דער „סינאד" האט געשיקט א בעפעהל צו אלע העכערע גייסט־ליכע, אז זיי זאלען זאגען מוסר דעם פאלק, זיי זאלען זיך בעגעהן פריינדליך מיט אלע מענשען פון אנדערע גלויבענס, און זיי זאלען נישט בעפאלען די יודען מיט גרויס שנאה און זיי אנטון שאדען.

צווישען די קאנדידאטען אויף אויסצוקלויבען א נייעם ראבינער אין אדעס ציילט זיך אויך דער ליבויער ראבינער ד"ר ל. קאנטאר, אלע רעכענען איהם פאר דעם וויכטיגסטען קאנדידאט.

פראנקרייך. — דאס בלאט „מאניטאר אריענטאל" שרייבט, אז בשעת דער באראן עדמונד ראטשילד איז געוועזען אויף דעם אינזעל ראדעס האט איהם דער דארטיגער פארשטעהער פון דער געמיינדע זעהר פריינדליך בעגריסט און ראטשילד האט איהם געענטפערט אויף העברייאיש „שלום עליכם אדוני". אין דער שולע פון אליאנס האט איינער פון די תלמידים געהאלטען א קליינע רעדע אויף פראנצויזיש, באראן ראטשילד האט אבער די רעדע נישט געלאזט ענדיגען און האט געזאגט, איך האב נישט קיין גרויס חשק צו הערען די פראנ־צויזישע רעדע. איך בין פון פראנקרייך געקומען, איך וואהן אין פראנקרייך און איך הער זיך גענוג אן מיט פראנצויזישע רעדעס. איך האב גרויס לוסט צו הערען דא אונזער שפראך — די העברע־אישע, און איך וועל זעהר צופרידען זיין צו הערען לייענען שירים אין דער שפראך פון אונזערע עלטערן.

## בריף פון ענגלאנד.

פון דער רעדע, וואס קלאד מאנטעפיארע, דער פרעזידענט פון דער חברה „אגודת-אחים". האט געהאלטען אויף דער יאהר־פער־זאמלונג, קאן מען לייכט זעהן, ווי אונזערע ענגליש־יודישע פאליטי־קער געהען געשיך מיט טרערען איבער צו אונז. ווער עס געדענקט ווי אונזערע ציוניסטישע פיהרער האבען געפרופט מיט אלע מיטלען זיי מקרב צו זיין און געווינען פאר אונזערע אידעען און דאס אלעס האט נית געהאלפען, ווייל קלאד מאנטעפיארע איז א שטארקער מאמין אין פראגרעס און די מעגליכקייט, אז יודען זאל נאך אמאל גוט געהן אין די לענדער, וואו זיי ליידען איצט אזוי פיעל צרות, וועט גאנץ ענטשטוינט זיין איבער זיין איצטיגער רעדע. פון די צוויי לענדער, וואו יודען ליידען צום מעהרסטען, איז ער בנוגע צו איין לאנד אין גאנצען מודה, אז עס איז נישטא קיין אנדער מיטעל ווי א שטארקע עמיגראציע, פאר דאס אנדערע לאנד, דאס גרעסערע, נאך נישט אין גאנצען, אבער מען קאן לייכט מערקען, אז ווען ער וואלט זיך נית געשעמט, וואלט ער אויך דערצו נספים געווען. די רעדען פון זאנגוויל ועל כלם די „גייעס" פון לעצטען האלב יאהר האבען זיין שיטה אויף שטיקלעך צעקלאפט און איהם בעוויזען, אז די לאגע פון יודען קאן זיך נית ענדערען אפילו, אז געוויסע רעגירונגס־סיסטעמען זאלען זיך ענדערען, ווייל איהר סבה ליגט א סך טיפער ווי ער האט געגלויבט, זי ליגט אין דער נשמה פון גאנצען פאלק... — ובכן, יודען מוזען אויסוואנדערען אבער וואוהין? קיין ארץ־ישראל? קיין אוגאנדא? הס מלהזכיר! אפשר גאר קיין ענגלאנד? קלאד מאנטעפיארע האט אפילו ליב די גוטע יודען פון מזרח אייראפא און וואלט זיי זעהר גערן וועלען האבען אין „זיין געליבט לאנד", אבער—אבער — דערווייל נאך נית... דער בעסטער ארט איז אמעריקא. דאס לאנד איז גוט, די רעגיע־רונג איז גוט און די יודען זענען דארט אויך גוט... די פאליטיק פון אונזערע „יודישע ענגלענדער" איז איין אמת'ע ברוך שפטרני־פאליטיק; מאכט זיך עפיס א צרה, שלאגען קריסטליכע ארבייטער זייערע יודישע חברים, חאפען זיי יודען און טראנספארטירען זיי קיין קאנאדא, קיין אמעריקא; נישט קשה, די אמעריקאנער יודען זענען גוטע... איי, טאמער וועט דארט שלעכט ווערען? קלאד מאנטעפיארע האט נית לאנג חתונה געהאט מיט א גיורת און עס איז א האפנונג צו השי"ת אז ער וועט האבען קינדער פון איהר וועלען זיי זארגען פאר דעם אויב זיי וועלען זיך נית אבגעבען מיט עפיס אנדערש. מען קאן די וועלט נית פארזארגען. גאר קיין יודענשטאט נית. — דעם ציוניזם האט ער דעם מאל נית קריטיזירט, איבערהויפט נית דערמאנט; דאס איז אויך איין אות לטובה.

א חוץ דעם וואס די „אגודת-אחים" האט בערך א פיערטל פון די אקציעס פון דער יק"א, האט די פארזאמלונג בעוויזען ווי שוואך זי איז. צו דער צייט, וואס די אמעריקאנער יודען האבען אין דעם יאהר ענטוויקעלט אזא שטארקע פאליטישע טעטיגקייט בנוגע צו אונזערע אונטערדריקטע ברידער, און די דייטשע יודען, וואס זענען דורך זייער פאליטישע לאגע נית אים שטאנד דאס גלייכע צו טון, האבען געבראכט אזוינע גרויסע פילאנטראפישע קרבנות, האבען די ענגלישע יודען, וואס שטעהען זיך א סך בעסער אלס זייערע ברידער אין אמעריקא און דייטשלאנד מיט קיין פינגער נית גטריהרט. אמת דאס קאן מען זיך אפילו אויף די ענגלישע יודען נית בעקלאגען, דאס וואס מען שרייט אויף די יודען אין אנדערע לענדער, אז זיי געבען פאר קריסטליכע צוועקען. אין א בריף צו דעם Jewich Chronicle וויינט נעביך קלאד מאנטעפיארע מיט ביטערע טרערען, וואס אויף די רשימות פון די נדבות פאר די ארמענייער זעהט מען גיישט קיין יודישען נאמען. קיין קישינוב א שנארערישע סומע צו שיקען מאכט נית אויס, אבער אין אזא פאל איז פשוט א חרפה, א חלול השם. די גאנצע ארבייט פון די „אגודת־אחים" בעשרענקט זיך אויף עטליכע שולען, וואס זיי האלטען אוים אין דעם מזרח, וואו זיי סטארען זיך צו פארשפרייטען א געבראכען ענגליש, ווי פאלקאווניק גאלדסמיד האט בעמערקט אנשטאט פון דעם שלעכטען פראנזויזיש, וואס די תלמידים פון דער אליאנס לערנען זיך דארט אוים. אט דאס איז די סבה, וואס די חברה האלט אין פאלען. איהרע פינאנסען זענען דעם יאהר ארונ־טער פון 793 פונט שטערלינג אויף 723 אין לאנדאן און פון 731 אויף 629 אין דער פראווינץ.

דער איינציגער, וואס האט געפרובט רעדען אויף דער פאר־זאמלונג וועגען ציוניזם, איז אונזער בעקאנטער ספרדיישער „חכם" דאקטאר גאסטער. ער האט נאטירליך די געלעגענהייט נאר דערצו בענוצט, צו פראטעסטירען געגען מזרח־אפריקא און צו געבען דער „אגודת אחים" איין עצה, אז זי זאל זיך נית אריינלאזען מיט די ציוי־ניסטען אויף דעם פלאן. דער פרעזידענט, וואס האט געפונען אונ־אנגענעהם און אונטאקטיש צו רעדען וועגען דעם. האט איהם אויף דערויף נאר קורץ געענטפערט. די אופנים ווי גאסטער האלט מלחמה

געגען דעם אוגאנדא־פלאן זענען שרעקליך מאוס. ווי די "Jewish World" האט ניט לאנג מיטגעטיילט וויל ער זיך פארבינדען מיט סער העררי דזשאנסטאן, צו האלטען א גרויסען מיטינג, וואו דזשאנסטאן וועט רעדען איבער „ציון און מזרח־אפריקא". און דאס איז איין אמת, ווייל ער האט די ידיעה ניט צוריק גערופען, מוזען מיר איהם בעטראכטען מחוץ למחנה... יעדער יוד מעג קעמפפען געגען דעם פלאן מיט די שארפסטע מיטעל. אבער צו פארבינדען זיך צו דעם צוועק מיט א קריסט, וואס שטעהט ניט בחזקת טהרה פון אנטיסעמיטיזם, איז א ביסעל צו שארף...

דער פארזאמלונג האט אויך בייגעוואוהנט מיס לאנדוי, די דירעקטריסע פון דער „עוועלינא דע ראטהשילד שול" אין ירושלים. מיס לאנדוי, די טאכטער פון א היגען רב, שיינט א צו שטארקע פארציע גענומען צו האבען פון די תשעה־קבין און די ענגליש־יודישע פרעסע איז פול מיט איהרע חכמות און מעשיות. בשעת זי איז געקומען צום ערשטען מאל אין יפו'ער פארט (דאס איז געווען באלד נאך ד"ר הערצל'ס בעזוך אין ארץ־ישראל), דערציילט זי דעם רעפארטער פון „Jewish Chronicle", און האט געוואלט אראב פון שיף. איז צו איהר צוגעגאנגען א טערקישער בעאמטער און געפרעגט: „זייט איהר א קריסטין"? די יודישע שול־דירעקטריסע האט געענטפערט: „איך בין איין ענגלענדערין". דער בעאמטער האט באלד פארשטאנען און אויסגערופען „אזוי איהר זייט א יודין" און געהייסען אפפיהרען איהר אין פאליציע, וואו זי איז געבליבען ביז וואנען דער ענגלישער קאנזול האט פאר איהר אויסגעארבייט א שפעציאלע ערלויבניש פון סולטאן. דער רעפארטער איז שטאלץ, וואס זי איז די ערשטע ענגלענדערין, וואס איז געזעסען אין פאליציי אין פאלעסטינא און די ערשטע יודין, וואס צוליב איהר האט דער סולטאן געגעבען א שפעציאלע ערלויבניש.

ווי די צייטונגען מעלדען, וועט דער רומענישער געזאנדטער דאס יאהר אויך ניט זיין אויף דעם באנקעט פון דעם נייען לארד־מער, חאטשע ער איז פון איהם איינגעלאדען געווארען, ווייל ער האט נאך ניט פארגעסען דעם פאטש אין פנים, וואס דער יודישער לארד־מער האט איהם פאר א יאהרען געגעבען.

ניט לאנג איז אין לאנדאן געשטארבען אלבערט וואנדאם, א האלענדישער יוד, וואס האט א לאנגע צייט געלעבט אין פאריז און פון דארט געשריבען פאר די גרעסטע ענגלישע און אמעריקאנישע זשורנאלען. ער האט אויך פארפאסט אייניגע ביכער, וואס זיינען זעהר בעליבט ביי דעם ענגלישען פובליקום. זייט 1887 האט ער געלעבט אין לאנדאן. זיין גוף האט ער געהייסען פארברענען. — אויך איז געשטארבען דער בעריהמטער ענגלישער היסטאריקער און פילאזאף לעקי. ער איז געווען פאר די ענגלישע יודען דאס וואס מאמזען איז געווען פאר די דייטשע, נאר מיט דעם חלוק, וואס ער איז געווען אין זיינע בעטראכטונגען איבער יודען אביעקטיווער פאר מאמזען, וואס איז געווען שטארק סוביעקטיוו־דייטש און האט פאר די יודען שטענדיג געהאלטען נאר דערפאר, וואס ער האט ערווארטעט פון זיי, אז מיט דער צייט וועלען זיי זיך אסימילירען מיט זיין דייטשען פאלק. לעקי בעשרייבט אין זיינע ביכער די נוצען, וואס די יודען האבען געבראכט פאר די מענשהייט און וועלכע גבורה זיי האבען בעוויזען ביי זייערע צרות אין דעם ביטערען גלות און זיינע בעגייסטערטע רעד האבען געהאט א גרויסע ווירקונג אויפ'ן ענגלישען פובליקום. אין לעקי האבען די ענגלישע יודען פארלוירען איינעם פון זייערע בעסטע גוטע פריינד.

די שטאדט־ראט וואהלען האבען זיך דא געענדיגט און עס זענען געוועהלט געווארען א סך יודען. אין דעם דיסטריקט סטעפּני אליין, וואו די ליבעראלען האבען מורא געהאט צו שטעלען יודישע קאנדידאטען, טאמער וועלען זיי דורכפאלען, זענען אויסגעקליבען געווארען 7 יודען. א מאוס'ע מפלה האט געהאט א געוויסער מיסטער פאס, א יודישער ליבעראל, וואס האט געארבעט פאר זיין פארטיי אין דעם געטא און וואס זיין ליבעראליזם איז שטענדיג געווען קודמת ליהדותו. ער האט זיך געוואלט שטעלען פאר א קאנדידאט, האט איהם די פארטיי געפסל'ט. איין אנדערער געפסל'טער יודישער ליבעראלער קאנדידאט איז פון כעס געווארען א ציוניסט.

דער בעוואוסטער אנטיסעמיט ארנאלד ווייט, חאטש ער איז פאר'ן פרייען האנדעל, האט אבגעדרוקט איין ארטיקעל, אין וועלכען ער הייסט טשעמבערליין. ער זאל נישט לאזען די פרעמדע זאלען עקספלאטירען די אייגענע, ווייל דאס שטימט מיט זיין שיטה, מבטל צו זיין דעם פריי־האנדעל.

די וואס זענען געווען אויף דעם לעצטען קאנגרעס האבען נאך א ודאי ניט פארגעסען די סצענע פון קליין באזעל, וואו די יודישער טורנער האבען בעוויזען, וועלכע קראפט און געשיקליכקייט און דיסציפלין עס געפינט זיך ביי יודען, ווען מען פארשטעהט עס נאר ריכטיג צו ענטוויקלען. א שיינע סצענע האב איך דעם 6־טען נאוועמבער דא בייגעוואוהנט אין דעם גרויסען זאל Queens Hall וואו דער פיערטער קאנגרעס איז געווען. גאלדסמידס Jewish Lads Brigade האט געהאט איהר דריטען עפענטליכען מאנעווער, אין וועלכען עס האבען טיילגענומען 513 סאלדאטען, 39 סערזשאנטען, 9 שטאבּ־סערזשאנטען, 10 הארניסטען און 25 אפיציערען, וואס די מייסטע פון זיי זענען אויך אנגעזעהענע אפיציערען אין דער ענגלישער ארמע, ווי קאלאנעל גאלדסמיד, לייטענאנט־קאלאנעל האלענשטיין, קאלאנעל סעבאג־מאנטעפיארע און אנדערע. די גאלעריען פון דעם ריזענזאל זענען געווען פול געפאקט, חאטש דער וועטער איז געווען עכט לאנדאנער מאניער. צווישען די געסט זענען געווען די פני העדה פון לאנדאן, ווי דער לארד־מער, דער טשיף רבי ד"ר אדלער, מאנטעגיו, מאנטיפיארע, בענטוויטש, גרינבערג מיט זייערע פרויען און אנדערע. פון קריסטען זענען געווען אייניגע שעריפען פון לאנדאן, דער פעלד־מארשאל סער הענרי נארמען, גענעראל מאיאר סער אלפרעד טערנער (גענעראל אינספעקטאר פון די הילפס־טרופען) גענעראל לארד־טשעלמספארד (דער קאמענדאנט פון דער קריסטליכער Lads Brigade), גענעראל סער פויער פאלמער (שעף קאמענדיער פון דער אינדישער ארמע), גענעראל סער ראבערט בידאלף (דער גובערנאטאר פון גיבראלטאר) מיט זייערע פרויען, די גרעפין פון מאלמעסבערי און אנדערע מיליטערישע און ציווילע גרעסען. עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען די געשיקליכקייט און קראפט, וואס דיעזע יונגלעך, אין זייער איינפאכער אבער דאך שיינער אוניפארם, האבען בעוויזען אין די פארשידענסטע מיליטערישע

איבונגען, אין גימנאסטיק אין אלע שווערסטע פארמען, מארשירען, סיגנאליזירען, שווערד-פעכטען, שיסען מיט ביקסען און מאקסים-געווערען, וואס די מאקסים-קאמפאניע האט זיי געליגען, אין האספיטאל-וועזען א. ז. וו. זעהענדיג דאס בעקומט מען מוט צו האפען און צו ארבייטען ווייטער מיט מעהר חשק און התלהבות אין א פעסטער איבערצייגונג, אז עס איז נאך קיין שום זאך ניט פארלוירען. בעדענקט מען, אז דער מאטעריאל צו דיעזער בריגאדע ווערד גענומען פון דעם ארימסטען טייל פון דער יודישער בעפעלקערונג אין לאנדאן, וואס איז פהיזיש זעהר שוואך, פארשטעהט מען, וועלכען דיענסט גאלדסמיד טוט דערמיט זיין פאלק און אז ער פארדיענט עהרליך די קאמפלימענטען, וואס די גענעראלען האבען געגעבען זייער חבר, „וואס איז מיט רעכט אזוי שטאלץ צו געהערען צו דער גרויסען אלטען ראסע". לײדער זענען די פינאנציעלע פערהעלטניסע פון דיעזער אינסטיטוציע, וואס איז די בעדייטענדסטע יודישע אינסטיטוציע אין לאנדאן, זעהר שלעכט. די בריגאדע איז יעהרליך א בעל הוצאה פון 15,000 רובל, איהר הכנסה איז אבער נאר 1,200 רובל. אפשר ליגט די סבה פון דער גלייכגילטיגקייט פון אונזערע היגע „גבירים" צו דער בריגאדע אין דעם, וואס גאלדסמיד איז איהר פיהרער און רייסט ארויס דעם יונגען דור פון דער אסימילאציע, וואס אונזערע בעלי-טובות וואלטען וועלען בעגליקען זייערע ארימע גלויבענסברידער פון ווייטשעפעל.

ווי דער יאהאניסבורגער קארעספאנדענט פון דעם Daily Mail טעלעגראפירט, האט די דרום-אפריקאנישע ארבייט-געזעלשאפט א „פאראנטווארטליכען אנגעבאט" בעקומען אויפצושטעלען פאר די דארטיגע מינעס 100,000 יונגע רוסישע יודען צו 20 רובל א חדש, מיט א קאנטראקט אויף 3 אדער 5 יאהר. — איין אנדערע דעפעשע פון קאפשטען מעלדעט, אז אויף א דארטיגער סינאדע פון רעפארמירטע גלחים איז אנגענומען געווארען זעהר א פיינדליכע האלטונג צו יודען.

די צייטונגען רעדען איצט זעהר פיעל פון זאנגוויל און זיין כלה. עס איז א גרויסע מחלוקת, צי זי איז א יודישע צי ניט. זי איז אויף יעדען אופן א שטארקע ציוניסטין און לאזט ניט אויס קיין ציוניסטישע אספה.—זאנגוויל האט אנגעהויבען א סעריע פון ארטיקלען אין To-Day מיט דעם טיטעל Without Prejudice (אהן פאר-אורטייל), איין ארט בכל מכל כל איבער זיינע רייזען, וואס ער וועט מאכען מיט זיין נות-בית דיעזען ווינטער אין שפאניע און פיעלייכט אויך אין מזרח.

די ציוניסטישע ארבייט ווערד דא אלץ שטארקער; רעפעראטען פליהען פון אלע זייטען, א לעזע-זאל איז געעפענט געווארען אין דעם וועסטען און מען וועט אויך אין גיכען גרינדען א טאינביהאל. איבער מזרח-אפריקא דויערט נאך אלץ די מלחמה צווישען מאנטעפיארע, גאלדסמיד, כהן און אין ערסטער ליניע זאנגוויל און גרינבערג און די גענגער בענטוויטש און גאסטער, וואס פארבעהאלט זיך און שיקט. א גרויסע דעבאטע האט זיך ניט לאנג ענטוויקעלט וועגען דעם ביי די מכביער. די רוב דעות איז אבער אומעטום פאר דעם פלאן.

א יונגער שרייבער, שרייבט דער Daily Mail, האט זיך א מאל בעקלאגט פאר זאנגוויל, וואס זיין ערשטער בוך איז שטארק קריטיקירט פון א בעדייטענדער וואכענבלאט. „איהר ערווארטעט גערעכטיגקייט", האט איהם זאנגוויל געענטווערט און זיך שטארק צעלאכט, „מיר יודען ווארטען שוין 2000 יאהר און קאנען זיך ניט דערווארטען. איהר פארשטעהט, 2000 יאהר! די גערעכטיגקייט האט מיט אונז געשפיעלט אין קאץ און מויז, געגעבען אונז האפנונג און אוועקגענומען, פריהער געגעבען אונז פרייע רופט און גלייכע פראוועס און דערנאך אונז איינגעשפארט אין געטאס. מיר זענען איין אייביגער געפאנגענער, אמאל א ביסל ארויסגעלאזען, אבער קיין מאל ניט פריי געלאזען. מיין פאטער איז געווען א געפאנגענער אין איין אנדער לאנד, אין ענגלאנד בין איך א ביסל ארויס פון דער קייט, מיין זוהן—אבער דערווייל האב איך ניט קיין זוהן. לייענט אייער געשיכטע וועט איהר עפיס זיך דערוויסען איבער אונז און אגב אורחא אויך איבער מיך. פארצייטענס האבען מיר אין ענגלאנד נאך געקאנט עקסיסטירען — פרעגט אייער Iranhoe דערנאך האט מען אונז געמארדעט און ארויסגעיאגט; קראמוועל האט אונז ווידער אריינגעלאזען, מארגען וועלען מיר אפשר ווידער דארפען פאהרען אויפ'ן ים. פון שפאניע האט מען אונז געטריבען קיין וועגעדיג און אמסטערדאם; די יזראעלי'ים זיידעס זענען געלאפען אין איין ארט און שפינאזא האט געשליפען גלעזער אין איין אנדער ארט און ביני לבינו האט ער ענטדעקט א נייע פילאזאפיע. די פראנצויזישע רעוואלוציע האט אונז געבראכט א נייע האפנונג, אבער „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערשאפט" האבען ניט געקאנט אבהאלטען א דרייפוס-סקאנדאל. און איהר ווילט, אז איך זאל גלויבען אין די גערעכטיגקייט, די פשוט'ע גערעכטיגקייט פון א פרייעם ענגלענדער? אונמעגליך! מיר בעקומען נאר א מינוט אויף חאפען אטעם, איין דור, צוויי, גענוג צו קריגען איין אמונה, אז מען איז שוין זיכער. די אלטע וואונדען זענען פארגעסען און צו אונזערע קינדער שמייכעלט שוין א גליקליכער עתיד, אבער אין מיטען פלאצט א באמבע, און מיר לערנען דעם אמת. היינט איז דאס רומעניע, נעכטיגען איז דאס געווען דרייפוס, פריהער ביסמארק מיט זיינע שרצים--פרעסע און אזוי ווייטער ביז צו קעניג יאהאן און גאט ווייסט ווער נאך. די קוועלע פון גערעכטיגקייט ליגט אין אונז גופא און מיר מוזען בעקומען דאס וואס מיר האבען נאך ניט. אט אזוי גלויב איך אין די גערעכטיגקייט און דערפאר בין איך א ציוניסט".

„איך האב גענוג געטרונקען פון קונסט, לעבען און פאליטיק ווי מען פארשטעהט זיי אין פרעמדע שטעדט—איין עדות מיין בוך „אליהו'ס מאנטעל" — און איך בין נאך אלס געווען דארשטיג. ציוניזם איז געווען דער כוס ישועות פאר א פאר צווייפעלטען, פארטרוקענטען און מאטען פון דער מדבר. ביי איין גרענעץ בין איך בעקאנט געווארען מיט א פאלק, א נאציאנאליטעט און די פאזיע פון א גרויסע פראפעטישע רעגענעראציע. וואס זענען די נארישע קנאות פון דער אייראפייאישער פאליטיק געגען די שטאאטסקונסט, וואס זאל מקיים זיין די נבואות פון דעם תנ"ך? וואס זענען ביי מיר געווען די האפנונגען פון די פרעמדע פעלקער, אונטער וועלכע איך האב געלעבט און זייער קונסט און פילאזאפיע געשעצט געגען די אויפגעשטאנענע האפנונגען פון מיין אייגען ערוואכט פאלק? א פאלק וואס שטאמט פון קריעגערישע מלכים און נביאים, פון די ערבויער פון שטעדט, וואס ליגען בעגראבען אין זאמד, וואס זייערע שריפטען קיינען די גרעסטע געלערטע ניט פארשטעהן און וואס משה איז שוין געווען

ביי זיי אנייער אין שלמה, וואס האט געשיקט שיפען אין אופיר אזוי ווי די היינטיגע קאמפאניע פון ווערנער און הייט? אויפצוקלייבען די צעווארפענע איבערגעבליבענע פון דעם פאלק פון אלע פיער עקען פון דער וועלט, די „בני ישראל", וואס זענען די קרוין פון אייער אינדישער ארמעע, די געלבע יודען פון חינא, די דעלוואלעס און טאלעדאנאס פון קורסאא און קאלאן, די כהנ'ס און לוי'ס פון ווייט־שעפעל און ניו־יארק, די בעוואפענטע בריגאנדען פון קאווקאז, די פערד־הענדלער פון גאליציע; צו זאמלען אט די אלע צוזאמען אין איין שטארק איינהייט, פארבונדען דורך איין גאט, דורך איין שפראך, אין וועלכע זייערע נביאים און מחוקקים האבען זיך אונטער־האלטען מיט דעם אלמעכטיגען. אט דאס איז א ציעל גרעסער פאר קונסט, גרעסער פאר די אלטמאדישע פאליטיק פון די וועלטמעכטע אין מערב... און אט אזוי האב איך אויפגעהערט צו זיין א גאוועליסט און בין געווארען א ציוניסט: איך גלויב אין גערעכטיגקייט; זי שלעפט זיך מיט אויף נעבען־וועגען, זי קומט שפעט, שפעטער ווי מענשליכע צרות — אבער זי קומט דאך".

י. מ. זאלקינד.

---

# אונזער וועלטל.

אין דעם יודישען וועלטל איז איצטער א גאנצער יריד: דער רעזולטאט פון ליטעראַרישען קאנקורס · „אחד העם" אלס מיטגליד אין קאמיטעט פון אדעסער פיליע „מפיצי השכלה"; דער „אלטער" איז געקומען; דער „לוח" איז ארויסגעגאנגען; דרייפוסעס משפט; מארמארעקס ערפינדונג; מאקסים גארקי, אלס „שבת גוי"; דער פאפסט אלס ציוניסט — געגען אוגאנדא און צום סוף — גא דיר א צוליג: קישינעווער משפט! חאטש נעם און צערייס זיך! אלץ אין איין צייט.

מילא פון קאנקורס — דאס איז דאך שוין איין אלטע מעשה; וואס עס האט זיך פארשפעטיגט, ווייל דער געריכט פון איהם איז געוועזען בבחינת „לעבעד, שציקא אי ראק": איינער פון די ריכטערס איז געוועזען אין ווארשא, דער צווייטער — אין אויסלאנד און דער דריטער — גאר אויף דער רייזע, און גיי טרעף צו און שטעל אלע־מען צופרידען. איין קשיא האָרט מיר אפילו: וואו איז די צווייטע פרעמיע אהינגעקומען? די קאנקורענטען, נעביך, איז אזש די אויגען ארויסגעקראכען פון קאפ איידער זיי האבען זיך שוין דערווארט אויפ'ן רעזולטאט פון קאנקורס, און דא ווערד פלוצלינג די צווייטע פרעמיע פארפאלען! עס איז אפילו קיין וואונדער נישט: ביי אזא לאנגע צייט האט נישט נאר איין פרעמיע, נאר אלע פרעמיעס מיט'ן גאנצען קאנקורס געקאנט פארפאלען ווערען, בפרט ביי אזא גערודער, וואס איז געוועזען אין דער רעדאקציע ביים קאנגרעס! נאר א געלעכטער אן א זייט. דער עיקר איז דאך, אז נאך „איינס" קומט „צוויי" און נאך איין ערשטע פרעמיע דארף זיין א צווייטע, און דא האט מען איבער־געהיפט און געקומען צו דער דריטער פרעמיע. צי קאן מען דארט קיין גראד נישט ציילען? איך קאן מיר דאך נישט פארשטעלען אין א הויז זאל, צום ביישפיל, זיין איין ערשטער עטאזש און א דריטער עטאזש, אהן א צווייטען עטאזש...

אבער פון קאנקורס גענוג גערעדט: לויט די קאנקורס־ערצעה־לונגען, וועלכע ווערען איצט געדרוקט, זעהט מען ארויס, אז עס האט אין גאנצען נישט געלוינט די ארבייט און גאר אומזיסט האט מען געקלונגען. מיר האבען עפיס וויכטיגערס פאר זיך: „אחד העם" איז דאך אויסגעקליבען געווארען אלס מיטגליד אין קאמיטעט פון אדעסער פיליע פון דער חברה „מפיצי השכלה"! מען האט דאך איבער דעם טעלעגראפירט אין אלע אונזערע צייטונגען. א חידוש אז אונזערע רעדאקטארען האבען נישט געשריבען קיין שום לייטארטיקעל צוליב דעם פאקט. ס'טייטש? „אחד העם" איז געווארען אויסגעקליבען אלס איינער פון די גבאים אין אדעסער „מפיצי השכלה"? איז עס נישט א וויכטיגער מאמענט אין היסטאריע?

---

און אין דער ציוניסטישער ארגאניזאציע איז א גרויסע סומא־טאכע. אויסער איגוויינגסטע צרות, האט די ארגאניזאציע גרויסע אויסוויינגסטע צרות, צוליב וועלכע עס איז געוועזען א צוזאמענפאהר פון אלע מורשים. איינער פון זיי — דער „אלטער", ווי יאצקאן רופט איהם — איז צוריק געקומען. באלד איז יאצקאן געגאנגען צו איהם מיט א וויזיט, אום געוואהר צו ווערען, וואס הערט זיך. ער איז אבער גאר נישט געוואהר געווארען, ווייל דער „אלטער" האט נישט דערציילט. גאר יאצקאן אהן עין־הרע האט זיך געפונען איין עצה: ער האט געלייענט אין דעם אלטענס אויגען, צווישען די שורות, וואס אויף זיין פנים. און זעהט איהר: איך בין נישט מקנא אחד־העמ'ן, וואס איז געווארען אויסגעקליבען אין אדעסער מפיצי השכלה; איך בין נישט מקנא דעם, וואס האט בעקומען די ערשטע פרעמיע אין ליטעראַרישען קאנקורס; איך בין נישט מקנא דעם „הצופה", וואס דרייפוסעס משפט האט זיך אנגעהויבען אויפ'ס ניי, אין וועלכען ער איז אזא ספעציאליסט; איך בין נישט מקנא דעם קארעספאנדענט פון „הצפירה", וואס האט זוכה געוועזען צו זיין צווישען די 42 מאן, וואס האבען געקריגען איין ערלויבניש צו זיצען אין זאל פון געריכט, בעת עס וועט געמישפט ווערען איבער קישינעווער פאגראם; איך בין נישט מקנא מאקסים גארקי'ן, וואס פלעגט עסען יודישע חלה אים שבת; ווי איך בין אויך נישט מקנא מארמארעק'ן פאר זיין ערפינדונג געגען סוכאטעס און א פשיטא, אז איך בין נישט מקנא דעם ד"ר קלויזנער, וואס האט רעדאגירט דעם לעצטען „לוח־אחיאסף" — קיינעם פון די אלע בין איך נישט מקנא, נאר יאצקא־נען, וואס קאן לייענען אין די אויגען און צווישען די שורות פון א פנים, דעם בין איך מקנא. וואס זאל איך אייך זאגען? א סך זאכען האב איך שוין געלייענט און אין א סך שורות — אבער אין אויגען און צווישען שורות פון א פנים, דאס האב איך נישט פרובירט...

*

צוויי מודעות: אין „הצפירה" 258 שטעהט א מודעה אין אנהייב פון בלאט, אז פון היינט אן און ווייטער וועט די צייטונג דרוקען אומזיסט מודעות פאר די וואס נעבען ארבייט און פאר די, וואס זוכען איהר.

און אין „פריינד" 247 לייען איך אויך א מודעה פון דער אדמיניסטראציע: אזוי ווי אונזער צייטונג ווערד שוין איצט פענאנ־דערגעשיקט אין א גרויסער צאהל עקזעמפלארען, זענען מיר געצוואונגען (?!) צו העכערען דעם פרייז פאר אנאנסען.

נעבּיך א בּיטערער רחמנות אויף דעם ארימען „פריינד“, דאס הארץ ווערד מיר צעריסען.

בּעל עצה

## ווי אזוי לערנען זיך מענשען רעדען.

(ענדע).

אויף דעם שטייגער בּרענגט זיך דער מענש איין א סך ארבּייט: פון עטליכע ווערטער לערנט ער זיך אויס אלע פארמען און דאס איז איהם שוין גענוג, אז ער זאל אליין זיך נאכמאכען אלע פארמען פון א סך אנדערע טויזענטער ווערטער, פון וועלכע ער בּרויך זיך נאר אויסצולערנען איין פארם. אזוי טוען טאקי אלע קינדער און על פי רוב טרעפען זיי מיט דעם גוט. זיי מאכען פון דעם אדער יענעם ווארט נאך א נייע פארם, און זי פאסט גלייך צו צו דעם, וואס די מענשען ארום האבּען שוין פון לאנג אנגענומען. דענסטמאל פלעגט מען זאגען, אז דאס קינד רעדט גוט. טיילמאל געראט אבּער דעם קינד צו טרעפען שלעכט, ווי א בּלינד פערד אין דעם גרוב אריין: ער נעמט א ווארט און מאכט זיך א נייע פארם, לויט איין אנדערס, וואס ער קאן שוין פון לאנג; וואס קומט אבּער ארויס, אז ער האט גענומען א ווארט, וואס איז נישט אין גאנצען צו יענעם ענהליך און בּרויך דעריבּער נישט צו ווערען מיט יענעם פארגליכען. למשל, קליינע קינדער זאגען טיילמאל „2 לאמפעס“, „פינף פינגערס“ אויף דעם ארט פון „2 לאמפען“, „פינף פינגער“! דאס איז איבּער דעם, ווייל זיי פארגלייכען די ווערטער „לאמפ“ און „פינגער“ מיט דעם ווארט „טאטע“, וואס האט אין דעם לשון-רבּים „טאטעס“; דער פארגלייך איז אבּער דא שלעכט געראטען ווארום דאס ווארט „טאטע“ קאן נישט ווערען צוזאמענגעפּארט מיט דעם ווארט „לאמפּ“: דאס ערשטע ווארט איז לשון זכר, דאס אנדערע — לשון נקבה; ווידער דאס ווארט טאטע קאן נישט ווערען פארגליכען מיט דעם ווארט פינגער, ווייל דאס ערשטע ווארט ענדיגט זיך נאר מיט אנדערע קולות אדער אותיות, ווי דאס אנדערע. דער גרעסטער טייל פון אזעלכע גרייזיגע פארמען ווערד געוועהנליך מיט דער צייט פון דעם קינד אליין פארבּעסערט און די וואס הערען דאס ווארט געבּען באלד אכטונג, אז עס איז פארגרייזט און זאגען עס שוין קיין מאל נישט איבּער. טיילמאל אבּער טרעפט זיך, אז מען בּעמערקט נישט אויף דער רגע, אז די פארמע איז נישט אזוי, ווי מען האט אלע מאל גערעדט: מען חאפּט די נייע פארמע אויף, זי פארשפּרייט זיך צווישען א סך מענשען און אויף אזאלכען שטייגער ווערד בּעשאפען א נייע פארגרייזטע פארמע. די אלטע אבּער, די ריכטיגע, לעבּט א געוויסע צייט אין דעם לשון צוזאמען מיט דער נייער, דערנאך אבּער טרעט זי דער נייער בּיסלעכווייז אב דעם פּלאץ און ווערד אין גאנצען פארשוואונדען.

דאס ווייזט, אז דער מענש האלט נישט אלע ווערטער צוזאמענגעמישט אין איין קופּע; עס וואלט איהם אויף אזא אופן צו שווער געוועזען צו דערהאלטען זיי אלע אין דעם זכרון: ער צעטיילט זיי אין קלענערע קופּעס, גלייך ווי קעסטלעך. אין יעדען קעסטעלע לעגט ער אריין די אלע ווערטער, וואס האבּען אין זיך איין ענהליכקייט אין זייער אויסזעהן אדער אין זייער טייטש. אין איין קעסטעלע ליגען אלע ווערטער וואס בּעטייטען א זאך. ווי למשל די ווערטער: טיש, שטול, בּאנק, מעסער, פעדער וכדומה; אין דעם אנדערען ליגען אלע ווערטער, וואס בּעטייטען איין ארבּייט, למשל: געהן, שפּרינגען, גייען, שפּיעלען זינגען א. ז. וו.; נאך אין א קעסטעלע ליגען די ווערטער, וואס בּעטייטען עפּיס א מעלה פון א זאך, למשל: גוט, גרויס, קליין, גאלדען, גלעזערען. יעדעס פון די גרויסע קעסטעלעך טיילט זיך אויף עטליכע קליינע: למשל אלע ווערטער, וואס בּעטייטען זאכען טיילען זיך אויף אזעלכע ווערטער, וואס זענען לשון זכר און אויף אזעלכע, וואס זענען לשון נקבה; אויף אזעלכע, וואס זענען לשון יחיד און אזעלכע וואס זענען לשון רבּים וכדומה. דער מענש בּרויך נישט צו געדענקען, ווי אזוי עס וועט זיין לשון רבּים פון דעם אדער יענעם ווארט, ער בּרויך נאר צו פיהלען, צו וועלכעם קעסטעלע דאס ווארט געהערט און דענסטמאל מאכט ער דערפון די נייע פארם, וועלכע ער בּרויך, לויט דעם ווי ער מאכט אלע אנדערע ווערטער, וואס געהערען צו דעם אייגענעם קעסטעלע. טיילמאל טרעפט זיך דא א טעות: דאס קינד, וואס זאגט „צוויי לאמפּעס“ אדער „פינף פינגערס“ מאכט דעם טעות, אז עס שטעלט אריין די ווערטער „לאמפּ“ און „פינגער“ אין דעם אייגענעם קעסטעלע אריין, וואס דאס ווארט טאטע איז דא, און עס פארגעסט, אז טאטע איז לשון זכר און לאמפּ איז לשון נקבה, און ווידער טאטע ענדיגט זיך אנדערש ווי פינגער, איבּער דעם געהערען די ווערטער צו גאר אנדערע קעסטעלעך.

י. ווייינבּערג.

---




### I. אלגעמיינע נייעס.

— אין חארקאווער מעדיצינישען פאקולטעט האבּען 16 פרויען גע־האלטען עקזאמען און בּאקומען דעם טיטעל דאקטאר מעדעצין או אין מאסקווער מעדעצינישען פאקולטעט האבּען 18 פרויען בּעקומען דעם טיטעל דאקטאר.

— דעם ערשטען נאיאבּער האט פרוי ד״ר מ. י. פּאקראווסקא אין פּעטערסבּורג געהאלטען א לעקציע וועגען די פרויען־טיפּען אין מאקסים גארקים ווערק, וועלכע איז די צוהערער שטארק געפעלען.

— דער פּעטערבּורגער פרויען־פעראיין, וואס זארגט פאר די גע־זונטהייט פון די פרויען, האט נישט לאנג געעפענט איין אבטיילונג, וואס האט דעם צוועק צו פארהיטען פרויען און קינדער פון שכּרות.

— אין ווארשא ווערד פון א פרוי געעפענט איין האטעל. וואו עס וועלען קענען האלטען סטאנציע נאר פרויען.

— דער ערשטער קינסטלער־פעראיין פאר פרויען אין רוס־לאנד, האט בּעקומען א בּעשטעלונג פארטיג צו מאכען בּיז דעם 1־טען יאנואר א נעוויסע צאהל בּילדער פון דער רוסישער היסטאריע.

— די פּאליציי אין האמבּורג גיט זעהר אכטונג מען זאל דורך דעם דארטיגען האפען נישט אריבּערפיהרען קיין אמעריקא פארפיהרטע מיידלעך, און א דאנק די דאזיגע השגחה איז אין די לעצטע צייט כמעט אינגאנצען אויפגעהערט דער טראנספּארט פון דעם שאנד־האנדעל איבּער האמבּורג.

— דער ליטערארישער פרויען־פאנד אין דייטשלאנד אונטער

דעם נאמען שילער, האט זיך געווענדט מיט איין אויפרוף צו אלע דייטשע פרויען, זיי זאלען זאמלען געלד צו דעם טאג, ווען עס ווערט הונדערט יאהר זייט שילער איז געשטארבען. דאס איז דער 9־טען מאי 1905. פון דעם פראצענט, וואס דאס צוזאמענגעקליבענע געלד וועט איינטראגען, וועט מען שטיצען די פאמיליעס פון ארימע שריפטשטעלער אדער שריפטשטעלערינען.

## II. יודישע נייעס.

— פרוי סאלאמעא קארנגאלד אויס ווארשא האט געשאנקען איהרע גאנצע צירונג צום ווארשעווער פריוט פאר יודישע אלטע לייט און "תומים" מיט דעם תנאי, אז מען זאל זיך אויף די צירונג שטיינען און ווער עס וועט געבען א גרעסערען מקח דעם זאל עס געהערען. די צירונג איז געווארען פארקויפט פאר 3500 רובל און דאס געלד האט מען אוועקגעגעבען צום פריוט.

— די יודישע זענגערין עווגעניע פיינבערג האט דעם ערשטען נאוועמבער געמאכט א קאנצערט לטובה פאר די יודישע ארימע סטו־דענטען אין פעטערסבורג, און א גרויסע צאהל פעטערסבורגער יודען זענען געקומען צום קאנצערט. אזוינע קאנצערטען מאכט שוין די פיינבערג זייט איינינע יאהר.

# די יודישע פרויען אין די מזרח־לענדער. *)

איינגעוויקעלט פון קאפ ביז די פיס מיט א ווייסען סארא (אזא מין שלייער) געהט די פרוי שטיל מיט איהרע אויסגענייהטע פאנטא־פעל אין די גאסען פון באמביי (אינדיע). זי קוקט נישט אויף קיינעם, פארזיכטיג נעמט זי זיך אוועק אן דער זייט, זי זאל חלילה נישט ווען אנריהרען. ווען מען זאל אבער חאטש איין כהרף עין בעקומען צו זעהן דעם שארפען קוק פון איהרע אויגען, וועלכע זענען על־פי־רוב זעהר שיינע, וועט מען באלד דייטליך ארויסזעהן, אז מען זעהט נישט פאר זיך עפיס א פרוי פון דעם אינדישען שבט, נישט קיין תמימות'דיגע, שעמעדיגע פרוי, נאר א יודישע פרוי פון באגדאד. קוקענדיג אויף דער באגדאדישער יודישע פרוי ווערד מען איבערראשט פון איהרע ריין סעמיטישע, איידעלע געזיכטס־ציגע, פון איהרע גע־דיכטע, קויהל שווארצע האר און פון איהר ביסטרען, שארפען בליק. די באגדאדישע יודישע פרוי קליידט זיך ווייס. צו 14—15 יאהר זענען זיי שוין אין גאנצען אויסגעוואקסען און צו 35 יאהר — שוין אלטליך. און דעם אמת זאגענדיג, מאכען זייערע טיעפע קנייטשען אויפ'ן פנים, דאס פיבערדיגע רויטקייט פון די באקען און זייערע אונרוהיגע בליקען, נישט קיין גוטען איינדרוק. אין זייער נאטור זענען די באגדאדישע פרויען כמעט אין גאנצען גלייך צו די אנדערע פרויען אין די מזרח־לענדער. אזוי ווי די טערקישע, אראבישע, בעדואינישע און סירישע פרויען, וואס האלטען זיך נישט לאנג ביי זייער שיינקייט, אזוי איז אויך די יודישע פרוי פון די מזרח־לענדער. אזוי ווי א בלום, וואס בליהט געשווינד אויף אין פריהלינג און פארוועלקט באלד ווי דער זומער געהט אוועק, אזוי בליהען און פארוועלקען געשווינד די דארטיגע יודישע פרויען.

א קאמישע סצענע האב איך אמאל צוגעזעהן אין דעם קווארטאל פון די אראבישע יודען אין קאירא (מצרים). איינינע יונגלעך האבען זיך צוזאמען גענומען ביי א קראם פון מיינעם א בעקאנטען אראבישען יודען און האבען אין איינעם ווי א קאהר געזונגען א ליעד מיט דעם נאמען "א חרפה דעם טאטענס בארד". איך האב דעם יודען געקאנט פאר א גוטען שאך־שפיעלער. ער האט דאס שאך־שפיעלען ליב געהאט ווי דאס גאנצע לעבען און נישט איינמאל האב איך איהם געזעהן ווענענדיג מיט איין האנט א שטיק קעז און מיט די אנדערע האנט שארענדיג די פיגורען אויפ'ן שאך־ברעט, גאר אין דעם אויגענבליק האב איך איהם געזעהן ווי ער יאגט זיך נאך די יונגלעך בעוואפענט מיט א לולב, וואס איז נאך ביי איהם געבליבען פון פארינען סכות. די יונגלעך זענען זיך געשווינד צעלאפען אין פאר־שידענע ווינקעלעך און ער האט זיך באלד צוריק אריינגעחאפט אין זיין קראם ענדיגען די שאך־פארטיע מיט דעם מושלימאנער, מיט וועלכען ער פלעגט שטענדיג שפיעלען. באלד האט זיך די חברה יונגלעך ווידער בעוויזען און האבען פון דאס ניי אנגעהויבען זייער ליעד מיט א משונה'דיגען נגון. שפעטער האט זיך ארויסגעוויזען, אז זיין פרוי האט געבוירען א מיידל און די יודישע יונגלעך האבען איהם דאס אויף אזא אופן אבגעגעבען א חרפה'דיגען "מזל טוב" אין א ריין מזרח־לענדישען שטייגער. פארקעהרט ווידער, ווען ביי איהם וואלט געבוירען געווארען א יונגל וואלטען די איינענע "ווייסע חברה" איהם געזונגען א לויב־ליעד.

אט מיט אזא כבוד נעמט מען דארט אויף דעם, ביי וועלכען עס ווערד געבוירען א מיידל. דעם דאזיגען מנהג האבען זיך די יודען אויסגעלערנט, בודאי, פון די מושלימאנער.

(פארטזעצונג קומט).

ל. ריזשין.

*) אויס דעם "וואסחאד".

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר
פערלאג "פאלקסבילדונג".



Herausgeber Verlag Volksbildung Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher Krakau Druck v. S. L. Deutscher Podgorze b. Krakau

# החתימה לשנת תרס"ד

על העתון השבועי המצויר לבני הנעורים

שנה שלישית | **עולם קטן** | שנה שלישית

דמו"ל: הוצאת „תושיה" בורשה. העורכים: א. ל. בן-אביגדור וש. ל. גרדון.

העתון המצויר האחד בספרותנו בכלל והיחיד ומיוחד לבני הנעורים שלנו בפרט.

שפת ה„עולם קטן" קלה וטבעית והסגנון נאה ומלבב.

ה„עולם קטן" הוא מנוקד כלו.

כל גליון מלבד שהיא נעים לקריאה ומלבב את נפש הקוראים הקטנים והצעירים, הנהו גם מעין חריסטומטיה מצוינה ללמוד שפת עבר. העתון נדפס על ניר יפה ובדפוס מהודר והתמונות מצוינות ביפין וטיבן.

## מחירו 4 רובל לשנה

2 רובל לחצי שנה, 1 רובל לרבע שנה.

החותמים בפעם אחת לשנה שלמה מראשית שנת תרס"ד יקבלו בסוף השנה תשורה יפה חנם. דמי החתימה יוכלו לשלם גם לשעורין: 2 רובל בעת החתימה ושני הרובל הנותרים בראשית הרבע השני.

---

כתור הוספה מיוחדת ל„עולם קטן" ירחון פדגוגי בעד ההורים והמורים בשם:

## „הפדגוג"

בו יבואו מאמרים מכל מקצעות החנוך וההוראה, החדשות במקצוע החנוך, החנוך העברי ביחסו אל החנוך הכללי, כרוניקה מעולם ההוראה העברית והמורים העברים, בקרת ספרי הלמוד והקריאה לבני הנעורים, ועוד.

מחיר „הפדגוג": 3 רובל לשנה, 1,50 רובל לחצי שנה, 75 קאפ' לרבע שנה. לחותמי ה„עולם קטן" 2 רובל לשנה 1 רובל לחצי שנה 50 קאפ' לרבע שנה.

---

הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

## חדשה לקוראנו!

עוד לפני שלש שנים, בראשית גשתנו להוצאת ה„עולם קטן", הבטחנו להוציא שני עתונים לבני הנעורים: אחד לילדים ואחד לנערים. אבל אח"כ נוכחנו, כי כל עוד לא בראנו לנו קהל קוראים צעירים הגון — קשה יהיה להוציא את שני העתונים הנזכרים בבת אחת, ונהיה אנוסים להסתפק בעתון אחד, שהיה בעקרו לילדים ושאח"כ השתכלל ויהי לעתון מיוחד לילדים ועתה הננו שמחים להודיע. כי אחרי שנתחבב ה„עולם קטן" על קוראינו ומצבו התבסס יותר — הגיעה השעה, שנוכל להגשים את רעיוננו מכבר ולמלא את אשר הבטחנו בשלמות.

והננו נגשים עתה להוציא בתור הוספה שניה ל„עולם קטן" ירחון מצויר לבני הנעורים, בשם:

## „הנעורים"

בו יבואו: שירים, ספורים, ספרי-מסע, תולדות אנשי שם, מאמרי מדע פופולריים, ידיעות ומקרי הימים, עם תמונות וציורים שונים. השפה תהיה נוחה והמלים הקשות תהיינה מנקדות, ובמקום הצרך גם מבארות.

החוברת הראשונה כבר יצאה מתחת מכבש הדפוס.

מחירו: לשנה 3 ר', לחצי שנה 1,50 ר', לרבע שנה 75 ק'. לחותמי ה„עולם קטן": לשנה 2 רובל, לחצי שנה 1 רובל, לרבע שנה 50 קאפ'.

האדריסה

ברוסיה: Издательство „ТУШІЯ" Варшава.

בשאר ארצות:

Administration „Olam Katan", Krakau, Sebastyang. 32.

הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

---

## „הדגל"

בעד אחינו הקוראים ברוסיה

**מחירו: 5 רו"כ לשנה. לחצי שנה: 2.50 רו"כ.**

לשלוח בשטרי רוסיה או במרקאות הפוסתה בנות 10 קאפ'.

**האדריסה לבית המערכת:**

»HADEGEL« 6 TENTER str. north, LONDON, E.

ברוסיה לחתום אצל:

J. Kahanowitz, 38 Nalewki. in WARSCHAU.

Buchhandlung Leizer Tikocinski in Bialystock. Gouw. Grodno.

הנחה לרבנים ובתי מקרא לציונים, רק 3 רו"כ לשנה.

השנה מתחלת בירח אב. כסף החתימה בעד כל השנה למפרע.

---



## גן הילדים



מאת **שלמה ברמן**

יצאה לאור כריסטימתיה בשני חלקים: הראשון (הוצאה ג' מתקנה ומוגהת) לילדים מבני שש עד בני שמונה שנים, והשני לילדים מבני שבע עד בני תשע שנים. הכריסתומתיה הזאת מצוינה **בקלות שפתה** ובהוכנה, המלבב והמושך את לב הילדים הקטנים. מלבד זאת מוסיפים עליה לוית חן ציוריה הנהדרים, שנתקנו ונעשו מחדש. לפני כל פרק יש ווקבולים מתרגמים רוסית ואשכנזית (באותיות עבריות) במספר לא רב, כדי להקל על הילד למוד שעורו. שירי „גן הילדים" נכתבו ע"י המשוררים היותר מצוינים, שכתבו למען הילדים בשנים האחרונות, ומצטינים ג"כ בתוכנם ובשפתם הקלים מאד. בחלק ב' ישנם כ' פרקי דברי ימי ישראל כתובים בסגנון קל, המכילים קורותינו מבריאת העולם עד ימינו אלה. השפה והסגנון הקלים של גן הילדים יתנו ערובהם, שגם הילד שכשרונותיו לא טובים יעבר על הספרים האלה בענג ובנקל, ויעש חיל בלמודיו.

מחיר **החלק הראשון** 75 קאפ', מכ' בבד 90 ק', פארטא 10 ק'.

מחיר **החלק השני** 50 קאפ', מכ' בבד 65 ק', פארטא 6 קאפ.

**שני החלקים** מכ' יחד בבד 1.45 רובל, פארטא 16 ק'.

האדריסה:

Изд. »Тушія«, Варшава. — Verlag »Tuschija«, Warschau.

בע"פ: נוביליפקי 7, מעון 9.

---

## תשורות לחנכה!

### מהוצאות „תושיה".

1) ספר החנכה. מאסף לבני הנעורים עם תמונות וציורים. מחירו 25 ק', מכ' 40 ק', פארטא 4 ק'.

2) יהודה המכבי. (מהסריא „מגבורי האומה") — ש. ברמן. מחירו 6 קאפ. פארטא 2 קאפ.

3) חנכה. (ציור הסטורי) — י. גרזובסקי. מחירו 8 ק', פארטא 2 ק'.

4) מלחמה ואהבה. (דרמה מימי החשמונאים) — ארנא, תרי א. ליבושיצקי מחירו 40 קאפ. מכורך 60 ק. פארטא 5 ק.

5) חץ תשועה. (אגדה לילדים)—יהודה שטיינברג. מחירו 4 ק', פארטא 2 ק'.

האדריסה:

Издат. „Тушія" Варшава. — Verlag „Tuschija" Warschau

בע"פ: נובוליפקי 7 מעון 9.

(272) 2—3

---



## הויז-דרוקערייא

מיט מיינע טיפען-דרוקעריי גארניטורען אין אלען שפראכען אויך העבריאיש קאן יעדערמאן זעלבסט דרוקען אלעס וואס ער האבען וויל:

צו בעציען אויס דער איינציגער פאבריק אין גאנץ רוססלאנד передвижн. буквъ „ПОБѢДА"

И. А. ЛЕВИНСОНА

въ ОДЕССѢ, Пушкинская, уг. Полицейск. ул., 16 und in WIEN, Adlergasse 12.




| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| גארניטור № 60 | מיט 100 בוכשטאבען | 1. רו"ז | גארניטור № 65 | מיט 540 בוכשטאבען | 4.50 |
| " 62 | " 200 | " 2.— | " 66 | " 780 | 6.— |
| " 63 | " 335 | " 3.— | " 67 | " 1160 | 10.— |

מיינע פאבריקען פערפערטיגען אויך שטעמפעל אונד זיעגעל נורפאם בעסטען מאטעריאל פרייזקוראנטע ווערדען פערזענדעט נאך ערהאלט איינער פאסטמארקע 7 קאפ.

אגענטען ווערדען איבעראל געזוכט

# אִינְטֶערֶעסַאנְטִי, שֵׁיין און וִויכְטִיג

אִיז דֶער בֶּערִיהמְטֶער אָדֶעסֶער

# יוּדִישׁ־רוּסִישֶׁער טֶעגְלִיכֶער אַבְּרַייס־קַאלֶענְדַאר

# (ОТРЫВНОЙ КАЛЕНДАРЬ)

## אוֹיף דֶעם יָאהר 1904 (תרס"ד־תרס"ה)

(צווייטער יָאהרְגַאנג)

דֶער אִינְטֶערֶעסַאנְטֶער אַבְּרַייס־קַאלֶענְדַאר אִיז זֶעהר שֵׁיין און רֵייךְ גֶעדְרוּקְט פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען אוֹיף פַיין פַּאפִּיעַר אִין אַ וואוּנְדֶער שֵׁיינֶעם אָרְדְנוּנְג מִיט אַ פַיין אִילְיוּסְטְרִירְט וֶוענְטֶל אִין זֶעכְס שֵׁיינֶע פַארְבֶּען.

אִינְהאַלט פוּן קַאלֶענְדַאר:

1) יוּדִישׁ־רוּסִישׁ־אוֹיסְלֶענְדִישֶׁער דַאטוּם, (אִין יוּדִישׁ, רוּסִישׁ, דַייטְשׁ, פְרַאנְצוֹיזִישׁ, און פּוֹילִישֶׁע שְׁפְּרַאכֶע).
2) זוּנְן־אוֹיפְגַאנְג־זוּנְן־אוּנְטֶערְגַאנְג,
3) צַייט פוּן לִיכְט בֶּענְשֶׁען,
4) ראש חוֹדֶש בֶּענְשֶׁען, מוֹלָדוֹת,
5) וִויכְטִיגֶע הִיסְטָארִישֶׁע בֶּעשְׁרַייבּוּנְגֶען,
6) יָאהְרְצַייטֶען פוּן יוּדִישֶׁע גְרוֹיסֶע מֶענְשֶׁער,
7) אַפָּארִיזְמֶען (עֶרְהאַבֶּענֶע גֶעדַאנְקֶען) שְׁטְרַאף־רֵייד,
8) טִירַאזְשֶׁען פוּן דִי בַּאנְק־בִּילֶעטֶען,
9) פְלַאטִין אוֹיף בֶּעמֶערְקוּנְגֶען, (для замѣ-токъ)

אוֹיף דֶער צְווייטֶער זַייטֶע קוּמְט.

10) וואוּנְדֶער־שֵׁינֶע אַנֶעקְדָאטֶען,
11) וִויכְטִיגֶעס פִיר יוּרֶען, הִיסְטָארִישֶׁע עֶרְקְלֶערוּנְגֶען וֶוענֶען יָמִים טוֹבִים און תַּעֲנִיתִים,
12) וִויסֶענְשַׁאפְטְלִיכֶע, אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע און וִויכְטִיגֶע אַרְטִיקְלֶען.

דָאס וֶוערְטֶע פּוּבְּלִיקוּם וֶועט גַאנְץ אִיבֶּערְרַאשְׁט זַיין פוּן דִיזֶען וואוּנְדֶער־שֵׁינֶעם אִינְטֶערֶעסַאנְטֶען וִויכְטִיגֶען אַבְּרַייס־קַאלֶענְדַאר.

(248) **פְּרַייז 30 קָאפּ׳. מִיט פָּארְטָא 40 קָאפּ׳.** 15—12

4 קַאלֶענְדַארֶען אוֹיף אֵיינְמָאל אִיז פָּארְטָא־פְרֵיי. — וֶועניגֶער פוּן 10 קַאלֶענְדַארֶען וֶוערֶען מִיט קֵיין נַאכְנַאהמֶע נִיט גֶעשִׁיקְט. — לְסוֹחֲרִים רַאבַּאט הָגוּן.

**Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ, Еврейская № 35.**
**Buchhandlung Gebrüder Bletnizky in Odessa (Russia).**



Оптическо-Хирургической складъ
П. ПИКЪ
Наелвки 35 Варшава

ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע מיט גומי פעלאטין, וועלכע האלטען גענצליך איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער. ברוך- און בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גומי-שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, גארסעטען פיר גארבאטע, קינסטליכע פיס און הענד, שטוצנע אויגען, ברילען מיט בערגישע גלעזער פיר קורצע און שוואכע דאך, ווי אויך אללע אפטישע און חירורגישע ארטיקעל אין גרויסען אויסוואהל צו זעהר ביליגע פרייזען עמפפעהלט אפטיק

**י. פיק, נאלעווקי 35 ווארשא.**

אלץ ווערד צו געפאסט דורך ספעציאליסטען

234 — 25 19

# י. שעקמאן, ווארשא

פאבריק פון זילבער 84 פראבע

(128) עט אטעווואַרען. 50 44




בבית מסחר הספרים

**י. ראזומאווסקי בברדיטשוב**

ובהמחלקה שלו בווארשא, נאלעווקי 34 אצל א. צייטלענגאלד נמכרים כל מיני ספרים במקחים נמוכים. (217) 50 26

איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך זינד נור „אלעקסאנדער'ס"



## נייעס!! נייעס!!

### ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע

היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, און נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. — זיי האלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. בויכבענדער פיר פרויען, עלאסטישע גוממי שטרימפפע פיר געשוואלענע פיס, בריללען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמערוידען, אויך אנדערע כירורגישע און אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

**Хирургическо-Оптический магазинъ**
подъ фирмою **Александеръ**
Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענדער, ביטען וויר אויפמערקזאם צו זיין אויף די אריגענאלע מיט'ן סטעמפעל פון אונזער פירמא.

וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יענינע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 149 — 50 3

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

בית־מסחר ספרים

# ב. צ. שיינפינקעל

ווארשא זלאטע 63

מוכר, קונה ומחליף כל מיני ספרים בתנאים נאותים למאד. (210 50 26

# קעפיר „היגיענא"

און סטערעליזירטע מילך פיר קינדער

ווארשא, נאלעווקי 36

(73) סקלאד אפטעטשנע 2—52

**א. קאטיק עט קאמפ.**

**ТОЛЬКО** нѣсколькими рублями можетъ каждый завести постоянный хорошій заработокъ у себя дома. Объясненіе безплатно.
Адресъ: **Я. Найдичъ, Варшава.**

# אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען און נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:
Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варщава.

# היימישע מיטאגען!

צו מעסיגע פרייזען, אויך פערשיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, אין טהויער, 2 שטאק. (192) 50 35

בבית־מסחר־ספרים של

**ז. ש. שרעבערק**, ווילנא, סטעפענג. נמכרים כל מיני ספרים בתנאים נאותים.

Книжн. магаз. З. Ш. Сребрка,
240 Вильна. 50—21

**НУЖНЫ АГЕНТЫ**

для сбыта **издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ** со значительн. прибылью. **Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими** заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. **Каталоги и условія безплатно.** Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. **И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ**

**Paryzkie nowe modele**

rekomenduje znany magazyn

**Okryć damskich, wierzchów do futer i kostjumów**

**D. Borodowski,** Warszawa, Leszno 9 m. 4.

Na żądanie wykonywam wszelkie obstalunki w 24 godzin.

(148) 25—22

